№ 48.

צווייטער יאהרגאנג

יודישע

# פאלקס־ציימונג.

25 Πovember 1903.

פערלאג „פאלקס־בילדונג" ווארשא.

ז' כסלו תרס"ד.

Nr. 48. Jüdische Volks-Zeitung צווייטער יאהרגאנג.

יודישע
# פאלקס-צייטונג
א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען, האלב-יעהרליך . . . . . 5 „ פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעססע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

די אדרעססע פאר עסטרייך-אונגארן אונ אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעססע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל אונ דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנציינען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

25 November 1903. Nr. 48. ו' כסלו תרס"ד.

## דער זאמעל-בוך „הילף“ וועט ארויס פון דרוק אין חדש דעצעמבער.

דעם אינהאלט פון דעם זאמעל-בוך וועלען מיר מודיע זיין אין נומער 50 „פאלקסצייטונג“.

---

## צו דער גראדנער אספה!

וועגען דער אספה פון די רבנים שרייבט אין „הצפירה“ דער וולאצלאווקער רב:

אין „הצפירה“ איז מען מודיע אין דעם נאמען פון איינעם פון די רבנים, וואס וועט זיין דער ראש המדברים אין די גראדנער אספה, אז די ציוניסטישע פראגע וועט נישט בעריהרט ווערען, בכן לאמיר דאנקען אונ לויבען די בעלי-אספה פאר די חסדים מיט די טובות, וואס זיי ווילען מיט אונז טון דערמיט וואס זיי וועלען דעם ציוניזם אראבנעמען פון דער טאגעסארדענונג אין דער אספה. אבער איהר זאלט וויסען זיין, אונזערע גראדנער רבותים, אז אונזער פאלק איז שוין נמאס געווארען אייערע חסדים אונ טובות. אונזער פאלק, וואס האט זיך איבערציינגט, אז נישט דורך צדקה אונ נדבות דארף ער בעטען דאס וואס איהם געהערט על פי דין; אונזער פאלק, וואס האט אויך זיינע זכיות אין דער מענשליכער געזעלשאפט אויפגעהערט צו בעטען אלס צדקה אונ גנאד, נאר אים דעם נאמען פון אמת אונ גערעכטיגקייט, פארלאנגט פון אייך אויך נישט קיין חסדים נאר רעכטען. אונ איך וויל אויך אין דעם נאמען פון דעם אמת אונ גערעכטיגקייט מיט אייך רעדען:

ווער האט אייך געבעטען איהר זאלט אייך צונויפקלויבען? אין וועמעס נאמען קומט איהר? אין וועמעס נאמען וועט איהר פארהאנדלען אונ בעשליסען? אין קהלים נאמען? פרעגט נאר אקארשט דעם דאזיגען קהל. אויב ער ווייסט עפיס פון דעם אלעם, וואס איהר ווילט טון, אויב ער ווייסט גאר צו וואס אונ פאר וואס איהר קומט אייך צונויף. אפשר אין נאמען פון די רבנים? פרעגט נאר די רבנים — אויסער איינינע יחידי סגולה — אויב זיי ווייסען דעם צוועק פון אייער אספה אונ די פראגראמע איהרע. אין פוילען געפינען זיך כמה הונדערט רבנים אונ פון זיי אלע האט מען — ווי מען איז מודיע פון יענער שטאדט — נאר 8 רבנים גערופען.

אויב איהר מיינט טאקי די טובה פון פאלק, אויב איהר ווילט טאקי פארבעסערען זיין לאגע, אויב אייער כונה איז טאקי אויפצוהויבען דעם מצב פון דער תורה אונ אמונה, אויב נאר דאס האט אייך בעוועגט זיך צונויף צו קומען, פאר וואס זשע טוט איהר דאס אלץ בסוד? פאר וואס ווילט איהר עס פארדעקען פון אלעמען? פאר וואס זאל דאס יודישע פאלק נישט וויסען, אז זיינע רבנים קומען זיך צוזאמען עפיס טון פון זיין טובה וועגען? פאר וואס האט איהר נישט מודיע געוועזען אלע רבנים אין רוסלאנד דעם צוועק פון דער אספה אונ די פראגראמע איהרע? פאר וואס האט איהר זיי נישט גערופען צו דער אספה אדער געבעטען זיי זאלען שיקען זייערע פארשלאגען? ווער האט אייך געגעבען דאס רעכט דעם יא אויסצוקלויבען אונ יענעם נישט? איהר מוזט דאך מודה זיין אליין, אז מיט דעם וואלקען, וועלכען איהר האט אויף אייער אספה ארויפגעצויגען, לאזט איהר צו מען זאל אייך חושד זיין, אז איהר מיינט נישט צו מאכען שלום אונ אמת, דען יעדער מענש, וואס מיינט עהרליך, וואס האט נישט קיין פניות, האלט קיין זאך נישט בסוד אונ בעהאלט זיך נישט פון קיינעם.

מיר איז אלץ איינס אויב די ציוניסטישע פראגע וועט יא ארויפגעלעגט ווערען אויפ'ן טיש פון דער גראדנער אספה אדער נישט. מיר איז אלץ איינס אויב דער ציוניזם וועט געמשפט ווערען פון דער אספה צום גוטען אדער צום שלעכטען, דען נישט זיך אנצונעמען פאר דעם ציוניזם איז היינט מיין כונה.

איך, אלס דוחאווונער אונ קאזיאנער רב, פראטעסטיר אין נאמען

פון דער גערעכטיגקייט געגען די געהיימע אספה כל-זמן איהר וועט נישט ארויס לאזען א קול קורא צו אלע אונזערע רבנים אין רוסלאנד, אין וועלכען איהר וועט ערקלערען דעם צוועק פון דער אספה און איהר פראגראמע. עס איז ביי מיר קיין ספק נישט, אז אזוי איז אויך די מיינונג פון די איבריגע רבנים, וועלכע האבען ליב גערעכטיגקייט און זענען ווייט פון מחלוקת.

יהודה ליב קאוואלסקי.

## פאליטישע ענינים.

(א נייע רעפובליק אין אמעריקא. אמעריקאס און רוסלאנדס אינטערעסען אין חינא. ענגלאנדס תביעות וועגען קאנגא. די סכסוכים אין סערביע)

די גרויסע רעפובליק, די פעראייניגטע שטאטען אין צפון אמעריקא, בעמיהט זיך אלץ גרעסער צו ווערען און וויל פארשלינגען אלע קלענערע לענדער און רעפובליקען און אין די לעצטע צייט האט זי די קליינע מדינה פאנאמא פארשלונגען. די דאזיגע מדינה, וואס הייסט היינט אין דער געאגראפיע „רעפובליק דעל איסטעמא", האט ביז איצט געהערט צו דער רעפובליק קאלומביע און דא נישט לאנג האט זי אן קאלומביע מורד געוועזען און האט זיך ערקלערט פאר א זעלבשטענדיגע מדינה אונטער דעם שוץ פון די פעראייניגטע שטאטען.

דאס לאנד פאנאמא איז בעקאנט אין דער געשיכטע פון די לעצטע יאהרען דורך דעם קאנאל, וואס א געזעלשאפט אין פראנקרייך האט דארט געוואלט מאכען. דעם דאזיגען קאנאל האט שפעטער די אמעריקאנישע רעגירונג אבגעקויפט פון דער פראנצויזישער געזעלשאפט, דערצו האט מען אבער געברויכט די הסכמה פון דער קאלומבישער רעפובליק, און דעריבער האט אמעריקא צוגעזאגט צו בעצאהלען די קאלומבישע רעפובליק מזומן געלד 10 מיליאן דאלאר, דאס קאלומבישע פארלאמענט איז אבער מיט אזא קליינע סומע נישט צופרידען געוועזען און האט פארלאנגט נאך 25 מיליאן דאלאר און דעריבער האט די אמעריקאנישע רעגירונג נישט געקאנט צורעכט קומען מיט דער קאלומבישער רעגירונג. באלד דערויף איז ארויס א קלאנג, אז פאנאמא גרייט זיך מורד צו זיין אן קאלומביע און באלד ווי זי וועט ווערען א מדינה פאר זיך וועט זי מסכים זיין צו דעם פאנאמא-קאנאל. עס איז שוין נישט דאס ערשטע מאל, וואס פאנאמא וויל זיך אברייסען פון קאלומביע. נאר פריהער האבען די פעראייניגטע שטאטען עס נישט צוגעלאזען, נאר היינט, ווי עס ווייזט אויס, שטיצט נאך די אמעריקאנישע רעגירונג די מורדים אין פאנאמא. איצט וועט די אמעריקאנישע רעגירונג נישט נאר האבען דעם פאנאמא-קאנאל, נאר די גאנצע מדינה פאנאמא און נאר לפנים וועט עס הייסען, אז פאנאמא איז א זעלבשטענדיגע מדינה.

אמעריקא וויל נישט נאר פארגרעסען איהר ממשלה אין לאנד גופא, נאר אויך אין די איבריגע וועלט. נאר דארטען וועט עס איהר נישט אזוי לייכט געראטען. אמעריקא פארהאנדעלט איצטער מיט דער חינעזישער רעגירונג און וויל מיט איהר שליעסען א האנדעלספערטראג, לויט וועלכען אמעריקא וועט האבען פרייען האנדעל אין גאנץ חינא, נישט אויסגענומען אפילו מאנדזשוריע. דער דאזיגער האנדעלספערטראג, וואס איז נאך דערוויייל נישט אונטערגעשריבען געווארען. האט דעם צוועק צו שטערען דעם רוסישען האנדעל, וואס פארברייטעט זיך די לעצטע צייט זעהר שטארק אין ווייטען מזרח. מאנדזשוריע וועט סוף כל סוף איבערגעהן אין גאנצען צו רוסלאנד און יאפאניע וועט מוזען צופרידען זיין דערמיט, וואס רוסלאנד וועט איהר לאזען טון נאך איהר פארלאנג אין קארעא. און דא אין מאנדזשוריע וועט אמעריקא שווער זיין צו פארברייטען איהר האנדעל און צו שטערען דעם רוסישען האנדעל.

און ענגלאנד, וואס זעהט, אז איהר מיה צו מאכען א שנאה צווישען רוסלאנד און יאפאניע האט זיך איהר נישט איינגעגעבען, האט איצט תביעות אויף קאנגא, וועלכע געהערט צו בעלגיע לויט די בעשטימונג פון די אייראפייאישע מלוכות אין יאהר 1885. ענגלאנד

## פעליעטאָן.

## לצנות.

פון

שלום-עליכם

I.

### מיין אבאנענט.

— הערט נאר, איהר זענט דאכט זיך דער דאס פונ'ם דאזיגען דאס, פונ'ם בלאט מיין איך? איך האב עס געוואלט אויסשרייבען ביי אייך מיט דער פרעמיע אויף א האלב יאהר, דאס הייסט נישט פאר מיר, פאר מיין ווייב, ווארום וואו האב איך צייט צו לייענען און נאך אויף זשארנאן דערצו? דאס הייסט לייענען לייען איך, מיינט ניט אז איך לייען ניט, דעם „נאוועווערעמיא" לייען איך און די „ניווא" און נאך דארטען בלעטער לייען איך. נאר וואס רעדן? מיין ווייב האט מיך געבעטען, טאמער וועל איך אייך זעהן זאל איך אייך זאגען, איהר זאלט מוחל זיין אונז הייסען שיקען דאס בלאט מיט דער פרעמיע. געלד וועט איהר אריינקומען וועל איך אייך נאכדעם געבען. ווי אזוי הייסט דאס דאזיגע בלאט? מיין ווייב האט מיר אפילו געזאגט דעם נאמען, נאר איך האב שוין פארגעסען. האט איהר חאטש אסך אבאנענטען? עס דארף זיין ניט קיין שלעכט געשעפט, דארף דאס זיין? חאטש אפילו סע דארף זיין דערביי הוצאות, ווארום פאר'ן שרייבען, וואס איהר שרייבט, צאהלט מען אייך דאך. וואס האט איהר דערפון? צאהלען זיי אייך חאטש ווי עס נעהר צו זיין פאר אייערע טעלעפאנען? איהר ווייסט, איך דארף אייך זאגען דעם אמת, פאר א יאהרען בין איך געווען נישט צופרידען פון אייך, ווינציג האט איהר באשריבען אונזערע לייט, זעהר, זעהר ווינציג! אמאל פלעגט איהר מעהר באשרייבען זיי, און היינט פאלשעוועט איהר. אפנים איהר האט מורא פאר פעטש? שעמט זיך ניט, זאגט דעם אמת, איא איהר האט מורא פאר פעטש? אנימעלטען האט מען מיר געזאגט, אז איהר האט מיך אויך אריינגעשטעלט אין צעטעל, האב איך געזוכט און געזוכט און נישט געקאנט געפינען, אייער גליק וואס איך האב ניט געפונען, ווארום ווען איך געפין מיך דארטען ביי אייך אין אייערען א טעלעפאן, מעגט איהר שוין זיין זיכער... איהר דארפט וויסען, אז איך בין נישט גלייך צו זיי, ווי אזוי רופט איהר זיי דארטען? חא חא! אויסגעצייכענט, ווי איך בין א יוד! איהר וואלט זיי געמעינט נאך אמאל, כ'לעבען, באשרייבען.

קאן נישט צוזעהען, אז א געבענשט לאנד, וואס קאן איינטראגען אסך געלד, זאל געהערען צו איין אנדערען. פריהער, אז קאנגא איז געוועזען א וויסט לאנד און מען האט געמוזט כמה מיליאנען דארט בעגראבען, איהר צו מאכען פאר א קולטור־לאנד, האט ענגלאנד מסכים געוועזען, מען זאל דאס אבגעבען בעלגיע. היינט אבער, אז דאס לאנד איז נאך אסך מיה, וואס האט די בעלגישע רעגירונג געקאסט געווארען א גוט לאנד האט זי תביעות צו קאנגא און וויל, מען זאל דעם סכסוך פארלעגען פאר דעם שלום־געריכט אין האג, ער זאל מאכען א פשרה.

א פשרה מאכען איז לייכט צווישען צוויי מלוכות, שווער אבער איז צו מאכען א פשרה צווישען פארטייען אין איין לאנד. דארטען קאן זיך קיין אנדערע מלוכה נישט אריינמישען און דאס לאנד ווערד פאראומגליקט דורך די מלחמות צווישען די פארטייען. אזא אומגליקליך לאנד איז סערביע. די אלע וואס זענען אין סערביע צופרידען געוועזען מיט דער רציחה פון אלכסנדר און דראגא, האבען געהאפט, אז ביים נייעם קעניג וועלען זיי בעגליקט ווערען, אלע וועלען זיי ווערען מיניסטארען און גענעראלען. די קליינע סערבישע מלוכה האט אבער נישט נייטיג און קאן נישט צאהלען אזוי פיעל מיניסטארען און גענעראלען און ווי גוט דער נייער קעניג זאל נישט זיין קאן ער פאר זיין גאנץ פאלק, וואס האט ליב שטענדיג זיך ארומצורייסען, נישט יוצא זיין און דעריבער ווערען די אונרוהען אין סערביע אלץ גרעסער און אין די בלעטער ווערען דערצייהלט שרעקליכע ידיעות, וואס א טייל פון זיי זענען נישט אין גאנצען אמת, אבער אויך נישט אין גאנצען ליגען. דאס סערבישע פאלק בעווייזט, אז עס איז נישט ווערט נאך קיין פרייע קאנסטיטוציע און אז קעניג אלכסנדר, וואס האט זייער קאנסטיטוציע בעגרענעצט, איז נישט אין גאנצען אומגערעכט געוועזען.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— פון יאפאניע קומען אן ידיעות וועגען אונרוהען, וואס דארטען קומען פאר. איינינע יאפאניער האבען זיך געפריווט איינצוברעכען דעם אייזענבאהן־בריק, וואס איז איבער דעם טייך סונגארא, אויך האט מען געחאפט יאפאניער, וואס האבען פארצייכענט די געאגראפישע קארטע פון מאנדזשוריע.

— די פריסישע רעגירונג האט בעשלאסען צו גרינדען א „בעהרינג—אינסטיטוט" אויף דעם אופן פון דעם פאסטער אינסטיטוט, וואס געפינט זיך אין פאריז. דער צוועק פון דעם דאזיגען אינסטיטוט איז, צו פארפערטיגען פארשידענע איינשפריצונגען (זערום), און בילינגער צו מאכען די איינשפריצונגען געגען דיפטעריט, וואס קאסט ביז היינט זעהר טייער און נישט אלע קענען זיך דעריבער דערמיט בעניצען.

— אין א טייל סערבישע בלעטער רעדט מען שטארק, אז דער סערבישער קעניג פעטער דער ערשטער וויל איבערגעבען די מלוכה זיין זוהן.

— אין וואשינגטאן האט מען ארעסטירט א שניידער אוים ברוקלין ליואים בערנשטיין, וועלכער איז אריינגעקומען אין ווייסען הויז (דער פאלאץ וואו דער פרעזידענט וואהנט) און האט געזאגט, אז ער האט זעהר נייטיג צו רעדען מיט דעם פרעזידענטען, אין האנט האט ער געהאלטען א רעוואלווער.

— די רוסישע ליטעראטען אין פעטערסבורג גרייטען זיך צו דעם היינטיגען ווינטער צו פייערען דאס 25 יעהריגע יובילעי זייט דער רוסישער שריפטשטעלער אנטאן טשעחאוו האט אנגעהויבען זיינע ליטערארישע ארבייט.

— פון ניי־יאהר וועט אין פעטערסבורג אנהויבען ארויסגעהן א נייע וואכענבלאט אויף דער „עספעראנטא"־שפראכע (די דאזיגע שפראכע האט ערפונדען דער יודישער דאקטאר זאמענהאף אוים ווארשא).

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** דער דירעקטאר פון קיעווער אוניווערזיטעט האט בעשלאסען צו דערלאנגען א בקשה צום מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג צו צונעמען אין אוניווערזיטעט 20 יודען מעהר ווי דער געזעצליכער צאהל.

---

איהר זאלט מיך פאלגען, וואלט איהר זיך גענומען צו זיי גאר איבער א נייס! וואס חאפט איהר זיך אזוי? איהר האט קיין צייט ניט? שטעהט א ווייל, וועל איך אייך געבען שטאף, וועט איהר האבען אויף דריי טעלעפאנען, חא־חא! מאטעריאל, אז איהר דארפט, זאלט איהר קומען צו מיר! איך וועל אייך אויסרעכענען א צעטעל, הערט איהר, וועט איהר לעקען די פינגער, וואָרום איך קען זיי, הערט איהר, אלעמען אויסגעבונדען. צום אלעם ערשטען וואלט איהר בעדארפט נעמען, ווייסט איהר וועמען?... וואס? איהר נעהט טאקי אוועקעט? שיקט זשע מיר אריין דאס בלאט, געלד וועט איהר אריינקומען וועט מען אייך נאכדעם נעבען אויף א האלב יאהר מיט דער פרעמיע. געדענקט זשע למען השם מיט דער פרעמיע, מחמת איך וויל, דאס הייסט ניט איך, ווארום ערשטענס ווען האב איך צייט צו לייענען און נאך אויף זשארגאן דערצו, דאס הייסט לייענען לייען איך, דעם „נאוועוורעמיע" שרייב איך אוים און די „ניווע" און נאך דארטען אנדערע בלעטער, נאר מיין ווייב האט מיר אנגעזאגט, איך זאל אייך זאגען, איהר זאלט זאגען, מע זאל אונז אריינשיקען דאס בלאט מיט דער פרעמיע. געלד וועט איהר אריינקומען וועט מען אייך נאכדעם נעבען...

---

II.

# אפאריזמען.

גערעדנקען, משלים, מוסר און גלאט קלוגע רייד פון גרויסע לייט פון אמאל און אויך פון היינטיגע צייטען.

פריי בעארבייט, צוגעזעצט און איבער געאגדערשט

פון

## שלום־עליכם

---

.1

ווער איז א חכם? — דער וואס לערנט זיך אפ פון יעדען איינציגען. ווער איז א העלד? — דער וואס נעמט איין דעם יצר־הרע. ווער איז איין עושר? — דער וואס באגניגענט זיך מיט דעם וואס ער האט. (אזוי זאגען די חז"ל.) און איך זאג: ווער איז א חכם? — דער וואס האט געלד. ווער איז א העלד? — דער וואס האט געלד, ווער איז איין עושר? — דער וואס האט געלד.

.2

„דער וואס קען גוט מענשען, דער אנטלויפט ניט פון מענשען און יאגט זיך ניט נאך זיי". (אזוי זאגט מארק אווריעליום). און איך

— אין דער יורי עווע ר אוניווערזיטעט האט מען לויט די ער־לויבניש פון דעם מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג אריינגענומען נאך 30 יודען מעהר אלס דער געזעצליכער צאהל.

— אין ווילנא האט מען בעשלאסען צו עפענען פון מאנאט נאוועמבער אבענד קורסען צו לערנען קאמערציע. צו די דאזיגע קורסען וועלע ווערען צוגענומען יודען אהן וועלכע בעגרענצונג.

— אין מיניסטעריום דעם אינערן גרייט מען איצט צו א פאר־שלאג איבער צו מאכען 35 דערפער אין דרום רוסלאנד אויף שטעדט און צו ערלויבען יודען דארטען צו וואהנען.

— דעם 21 אקטאבער האט מען אין פעטערסבורג געמאכט איין אבענד לכבוד דעם יודיש־רוסישען שריפטשטעלער פרושאנסקי, אין דעם טאג וואס איז געווארען 35 יאהר זייט ער האט אנגעהויבען ארבייטען אין דער רוסישער ליטעראטור. אויף דעם אבענד זענען צו־זאמענגעקומען איין ערך פון 100 מאן, מען האט געהאלטען פארשידענע רעדעס. ה׳ פרושאנסקי האט אין דעם אבענד בעקומען איין אדרעסא, אויף וועלכע עם זענען געוועזען אונטערגעשריבען פיעל נעמען.

— פון לאדז איז מען מודיע, אז דער דארטינער רב ר׳ אליהו חיים מייזעל וועט נישט נעמען קיין אנטייל אין דער רבנישער אספה, וואס וועט זיין אין גראדנא.

— פון ווילנא שרייבט מען, אז די וויכטיגסטע רוסישע רבנים האבען בעשלאסען קיין שום אנטייל נישט צו נעמען אין דער רבנישער אספה, אויב די צוויי בעוואוסטע רבּ׳לעך וועלען נעמען דארין איין אנטייל.

— פון פעטערסבורג מעלדעט מען, אז דער באראן דוד גינצבורג האט זיך געווענדעט מיט א בריף צו אסך רבנים און האט זיי געוואר־רענט אויף די גרויסע סכנה און חלול השם, וואס קאן ארויסקומען פון דער רבנישער אספה. אויב זי וועט נישט האנדלען ווי מען דארף.

— אין „הצפה" איז געדרוקט א בריף פון אוסישקינ׳ען צו ד״ר הערצל, וואו אוסישקין האלט זיך ווידער ביי דאס זייניגע: נאר פריהער קאלאניזאציע אין ארץ ישראל און דער נאך וועט מען בעקומען א טשארטער. ער, אוסישקין, האט געהאט רעכט ארויסצוטרעטען געגען דעם בעשלוס פון קאנגרעס מכח אוגאנדא, ווייל הערצל אליין איז אויך ניט מקיים די בעשליסע פון קאנגרעס, ווי ער האט ביז היינט נישט אומגעמאכט די תקנות פון באנק לויט דעם פערלאנג פון קאנגרעס. צום ענדע שרייבט ה׳ אוסישקין, אז נישט ער, וועלכער האלט זיך פעסט אן ציון׳ם פאהן דארף ארויסטרעטען פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע.

— די אדעסער צייטונגען שרייבען, אז די אדעסער ציוניסטען און אפילו די „ניין־זאגער׳ם" פראטעסטירען זעהר שטארק געגען דעם פארם פון אוסישקינ׳ם בריף און שיקען דאנק־אדרעסען דעם „איינציגען פיהרער" ד״ר הערצל. מען זאגט, אז עם געהט איין אגיטאציע אויסצושליסען אוסישקינ׳ען פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע.

— ביי דעם פעראיין „בני ציון" אין ווארשא איז בעשלאסען גע־ווארען זיך צו ווענדען מיט איין אפענעם בריף צו אלע דעלעגירטע פון 6־טען קאנגרעס און זיי אויפמערקזאם מאכען איבער די משונה׳דיגע בענעמען זיך פון ה׳ אוסישקין, וואס האט בעליידיגט דעם כבוד פון קאנגרעס, וועלכער האט איהם אויסגעקליבען, און טרעט מיט די פים די בעשליסונגען פון קאנגרעס און דערמיט ברענגט ער אריין איין אמת׳ע אונארדענונג אין דער ציוניסטישער ארגאניזאציע און איז גורם פיעל שאדען אונזער נאנצער בעוועגונג, דעריבער זענען מחויב אלע דעלעגירטע, וואס האבען איהם אויסגעקליבען און וואס דער קיום פון דער ציוניס־טישער ארגאניזאציע איז ביי זיי טייער, בעקאנט צו מאכען עפענטליך, אז זיי האבען חרטה, וואס זיי האבען איהם אויסגעקליבען, און אז זיי ערלויבען בשום אופן נישט, אז ה׳ אוסישקין זאל בלייבען אויף זיין שטעלע אלס מיטגליד פון דעם גרויסען אקציאנם קאמיטעט.

**ארץ ישראל.** די רבנים פון ירושלים האבען אויסגערופען תעניתים אויף מאנטאג און דאנערסטאג, וואס איז געוועזען באלד נאך די ימים טובים, צו פאסטען און מתפלל צו זיין פאר זייערע ברידער אין גלות.

— די פארשטעהער פון דעם בקור חולים אין ירושלים האבען בע־שלאסען אבצוקויפען פון די ארמענער א שטיק פלאץ ביים בקור חולים פון 750 איילען בערך. פאר דעם דאזיגען פלאץ וויל מען 2530 נאפאלעאן, דאס מאכט אוים איין ערך 80 פראנק איין אייל, בשעת הינטערן שטאדט קאסט נאר 1 פראנק די אייל. אויף דעם דאזיגען פלאץ האבען די פארשטעהער בדעה צו בויען נאך הייזער, וואס זענען נייטיג צום בקור חולים.

— אין בית לחם יהודה, וואו דאס רוב איינוואהנער זענען

---

זאג: דער וואס קען גוט מענשען, דער אנטלויפט פון מענשען וואו דער שווארצער פעפער וואקסט.

.3

„אמענש וואס שטעהט אויף די שפיץ פינגער, קאן לאנג ניט שטעהן". (אזוי זאגט לאא־טסע.) און איך זאג: א מענש וואס שטעהט איינגעבוינען, אדער אויסגעצויגען ווי א סטרונע, דער וועט שטעהן לאנג...

.4

„א, ווי גליקליך מיר זענען, וואס מיר האבען ניט קיין שונאים!" (אזוי זאגט בודדא.) און איך זאג: א, ווי גליקליך מיר זענען, וואס מיר האבען שונאים!

.5

„א פערד איז ניט דערמיט אויסגעשטעלט, וואס ער קאן ניט קרייהען ווי א האהן, ער איז אומגליקליך נאר דעמאלט ווען ער פאר־ליערט דעם גאנג". (אזוי זאגט עפיקטעט.) און איך זאג: איין אקס איז ניט דערמיט אויסגעשטעלט, וואס ער האט א לאנגע צונג און קאן קיין שופר ניט בלאזען; ער איז אומגליקליך נאר דעמאלט ווען מען פיהרט איהם צו דער שחיטה.

.6

„א לייטישער מענש, אז ער טוט א גוטע זאך, באהאלט ער זיך פאר מענשען, און האט קיין חרטה ניט, טאמער ווייסט דערפון קיינער ניט". (אזוי זאגט קאנפוצי.) און איך זאג: א היינטוועלטינער לייטישער מענש, אז ער טוט איין עולה, באהאלט ער זיך ניט פאר קיינעם, און האט קיין חרטה ניט טאמער ווייסט דערפון די גאנצע וועלט.

.7

„אקעגען דער גרויסער וועלט איז דער מענש געגליכען צו א קליין שטעקעלי נאר א קלונם. (אזוי זאגט פאסקאל.) און איך זאג: אקעגען דער גרויסער וועלט איז דער מענש געגליכען צו א קליין שטעקעלי, נאר סע שלאגט.

.8

„אלץ וואס גרוים איז—וואקסט פאוואלינקע". (אזוי זאגט סענעקא.) און איך זאג: אלץ וואס גרוים איז—וואקסט פאוואלינקע, אחוץ פרא־צענט, וואס וואקסט משונה׳ער־ווייז, אהן רעגען, אזוי ווי קראפעווע.

.9

„אז דו רעדסט זאלען דיינע ווערטער זיין בעסער ווי געשוויגען". (אזוי זאגט איין אראביש גלייכווערטל.) און איך זאג: אז דו שווייגסט זאל דיין שווייגען זיין בעסער ווי גערעדט.

.10

„לייענען און שרייבען הייסט נאך ניט קיין בילדונג, אויב זיי פיהרען ניט דעם מענשען אין דרך הישר". (אזוי זאגט דזשאן ריעסקין.)

קריסטען און נאר איין יודישער דאקטאר וואהנט דארט, זענען איינינע קראנק געוואָרען אויף חלערע און די רעגירונג האט דארט געמאכט קאראנטען.

— ר' חשון איז אין יפו געוועזען די ערשטע אספה ביי די מיטגלידער פון דעם גרויסען ועד הפועל, צו וועלכען עס זענען זיך צוזאמענגעקומען אלע חברים און מען האט בעהאנדעלט די פראגע, ווי מען זאל צוטרעטען אויסצופיהרען אלע בעשליסע, וואס זענען בעשלאסען געוואָרען אויף דער אספה אין זכרון יעקב.

פראנקרייך. דער יודישער באנקיער אליהו לעווין אין פאריז, א טערקישער געבוירענער, האט בעקומען פון דער פראנצויזישער רעפובליק איין אָרדען אלס אפיציער פון דעם עהרען־לעגיאן פאר זיינע נוצליכע ארבייט, אויך די טערקישע רעגירונג האט איהם געשאנקען איין אָרדען.

## דער משפט דרייפוס.

ווי ה' ריינאק שרייבט אין א פראנצויזיש בלאט האט דער קריגס־מיניסטער גענעראל אנדרע, זוכענדיג אין די פאפירען, וואס קעהרען יך אן מיט דעם משפט־דרייפוס, געפונען נייע פאקטען, צוליב וועלכע מען וועט מוזען דרייפוסיזן איבער־משפט'ן. די פאקטען זענען: 1) דער באַרדעראָ מיט אנמערקונגען, וואס מען זאגט, אז דאס האט קייזער ווילהעלם מיט זיין אייגענער האנט געשריבען; 2) א בריף פון פירסט מינסטער צו ריינאק, אין דעם דאזיגען בריף איז זיך דער דייטשער געזאנדעטער מודה, אז עסטערהאזי האט פערהאנדעלט מיט שווארצקאפענען. 3) א בריף פון עסטערהאזי צו זיין אדוואקאט קאפאל, אין וועלכען עסטערהאזי זאגט, אז דער אמת'ער באַרדעראָ איז נאר קיינמאל נישט געוועזען ביי שווארצקאפען אין די הענט, אז ער איז גאנץ און נישט בעשעדיגט אריינגעפאלען אין די געהיים קאנצעלאריע פון קריגס־מיניסטעריום. פון עסטערהאזים בריף זעהט מען בפירוש, אז אנרי האט דעם באַרדעראָ צעריסען, כדי מען זאל גלויבען, אז מען האט דאס ארויסבעקומען פון דעם דייטשען בריף־קויש, וואו עס ליגען אלע צעריסענע פאפיערען.

דער לעצטער פאקט איז זעהר וויכטיג און בעלייכט די אויפפיהרונג פון דעם פאלקאווניק אנרי. אחוץ דעם האט דער קריגס־מיניסטער געפונען נאך וויכטיגע פאפיערען לטובה פון דרייפוס.

גענעראל אנדרע וועט דאס אלץ איבערגעבען דעם יוסטיץ־מיניסטער, וועלכער וועט געבען אלע נייטיגע בעפעהלען, וואס מען האט צו טון.

---

## אונזער וועלטל.

ביי אונז האט זיך אנגעהויבען א סעריע בריף. א בריף פון אוסישקין, א בריף פון הערצל, א בריף פון אחד־העם. — א בריף פון אחד־העם איז קיין נייעס נישט. מיר דאכט זיך, אז זינט ער האט זיך גענומען צו ליטעראטור, האט ער אנגעהויבען שרייבען בריף צו די רעדאקטארען און האט נאך נישט אויפגעהערט ביז היינטיגען טאג. אחד־העם קומט אלץ מיט אחריות. וויל מען די קישינובער יתומים נעמען און מאכען פאר זיי איין אגראנאמישע שולע אין ארץ־ישראל, — קומט אחד־העם צו געהן און שרעקט איבער מיט דער אחריות, וואס מיר נעמען אויף זיך, ווען מיר טון דאס. וויל מען נעמען ווייטער א ביסל קאלאניזירען ארץ־ישראל, קומט ווייטער אחד־העם און גיט א חאפ ביי דער פאלע און שרייט: וואו איז די אחריות? הימעל און ערד, און אחד־העם מיט אחריות!

יא, עס שאדט נישט, אז מען איז פארזיכטיג. אדרבה: עס איז זעהר נוציג פארזיכטיג צו זיין. אבער אחד־העם איז צופיעל פארזיכטיג און אזא איבריגע פארזיכטיגקייט איז א שוואכקייט, און ברענגט צו פחדנות און צו פוילקייט. „דער וואס ריזיקירט נישט, דער האט נישט", זאגט א שפריכווארט. שטעלט אייך פאר: סטעפענסאהן האט ערפונדען די באהן און אחד־העם קומט מיט א בריף צום רעדאקטאר און זאגט, אז סטעפענסאהן טוט נישט גוט, ווייל עס איז געפעהרליך צו פאהרען מיט דער באהן, ווארום עס קאן טרעפען איין אומגליק, על כן נעמט מען אויף זיך א גרויסע אחריות מיט דעם, און סטעפענסאהן וואלט זיך דערשראקען פאר דער אחריות און וואלט די

---

און איך זאג: לייענען און שרייבען הייסט נאך ניט קיין בילדונג, אז מע האט ניט קיין דיפלאם.

.11

„איין אנגעבראכענער שארבען קלינגט נישט; איין איבערגעבראָכענער אויף צווייען קלינגט ווידער". (אזוי זאגט ריכטער.) און איך זאג: איין אנגעבראכענער שארבען טויג אויף כפרות! איין איבערגעבראכענער אויף צווייען—ווארף איהם ארויס.

.12

„צו א נארטען זענען געקומען צוויי מענשען: איינער איין אויפגעקלערטער, דער אנדערער א פרומער. האט זיך דער אויפגעקלערטער גענומען ציילען די ביימער, רעכענען די פירות און מאכען א חשבון, וואס פאר א ווערט קאן האבען דער גארטען. און דער פרומער האט זיך באקענט מיט'ן בעל־הבית, צוגעגאנגען צו א בוים און פארביסען מיט די פירות". (אזוי זאגט א בראמינער.) און איך זאג: צו א נארטען זענען געקומען צוויי מענשען איינער איין עם־הארץ, דער אנדערער א רשע. האט זיך דער עם־הארץ גענומען באלד צו די פירות, און דער רשע איז נעגאנגען פריהער הרג'נען דעם בעל־הבית.

.13

„זאלסט נעהן מיט'ן אמת אפילו מיט א קינד; האסט דו איהם עפים צוגעזאגט זאלסט דו מקיים זיין, אניט וועסט דו איהם געוויינען צו ליגען". (אזוי זאגען די חז"ל.) און איך זאג: זאלסט נעהן מיט'ן אמת אפילו מיט דיין ווייב; האסט דו איהר עפים צוגעזאגט, זאלסט דו מקיים זיין, אניט וועסט דו האבען אפגעשניטענע יאהרען.

.14

„האסט דו אין זינען נאר יענעם, קאנסט דו האפען עס זאל דיר ארויסקומען אמאל א טובה". (אזוי זאגט פלאטאן.) און איך זאג: האסט דו אין זינען נאר זיך, קאנסט דו האפען, עס זאל עמיצען ארויסקומען א רעה.

.15

„דערנער מאכען א תל פונ'ם פעלד; זינד פיהרען איבער דעם מענשען, און מעשים טובים פיהרען צו א גוטען סוף". (אזוי זאגט בודרא) און איך זאג: דערנער מאכען א תל פונ'ם פעלד און וואקסען אומעדום; זינד פיהרען איבער דעם מענשען, און פון דעסטוועגען זינדיגען אלע מענשען און אויף מעשים טובים איז ניטא קיינער אין דערהיים.

.16

„דאס מעכטיגסטע וואס געוועלטיגט אויף דער וועלט איז דאס וואס מע זעהט דאס ניט און מע הערט דאס ניט און מע קאן דאס ניט אנטאפען". (אזוי זאגט לאא־טסע.) און איך זאג: דאס מעכטיגסטע

באהן נישט געמאכט. אדער א יונגער מאן וויל חתונה האבען מיט א יונג מיידל און אחד־העם קומט צו געהן און זאגט איהם, אז ער נעמט אויף זיך א גרויסע פאראנטווארטליכקייט ווען ער נעמט א ווייב, דען עס וועלען זיין קינדער און אפשר וועט ער נישט זיין אין שטאנד זיי אויסצוהאלטען און ערציהען, און אזוי ווייטער, און ווען דער יונגער מאן וועט פאלגען אחד־העמ'ן, וועט ער נישט חתונה האבען, און אזוי וועלען טון אלע יונגע לייט און די וועלט קאן חס ושלום קיין קיום נישט האבען. ניין! צופיעל פארזיכטיג טויג נישט צו זיין, רבותי! דער וואס וויל האבען, מוז ריזיקירען. — אחד־העמ'ן קאן מען ענטווערען גאנץ קורץ — נישט אזוי ווי דער רעדאקטאר פון „הצופה" האט געטאן. מען קאן גלייך זאגען: הער אחד־העם! די גאנצע צייט שרייט איהר, אז מען דארף ארויבנעמען די אפעקונסטווא פון ישוב ארץ ישראל, אפשר איז מעגליך איהר זאלט אויך ארויבנעמען אייער אפעקונסטווא פון איהם?

עס איז שוין כ'לעבען צייט, אז דער ישוב ארץ ישראל זאל פטור ווערען פון אחד־העמ'ס אפוטרופסות אויך!

---

אין דער צייט וואס די גאנצע פאליטישע וועלט קוקט אויפ'ן ווייטען מזרח און ערווארטעט מיט אומגעדולד, צי וועט ארויס א קריעג צווישען רוסלאנד און יאפאניע, אדער ניין, — אין דער זעלבער צייט איז פלוצלינג ארויס א קריעג צווישען הערצלען און אוסישקינ'ען. אמת, עס גיסט זיך נישט קיין בלוט אין דיעזער מלחמה, אבער טינט פארגיסט מען א סך. — אנגעהויבען די מחלוקת האט אוסישקין מיט זיין „אפענעם בריף צו די דעלעגאטען פון זעקסטען קאנגרעס". עס האט זיך געדאכט, אז דאס איז גלאט א קונץ געמאכט און נישט מעהר. אלענפאלס, האב איך אזוי געקוקט אויף דעם. דען א מענש וואס קאן האבען געדולד ביי אזא ענין, צו בערעכענען, אז די מעהרצאהל פון קאנגרעס פאר אוגאנדא איז בגימטריא „צרה", דער מענש מיינט נישט ערנסט, נאר גלאט אזוי א שפרונג געטאן און ווייטער גאר נישט. א מענש וואס איהם טוט אין דער אמת'ן וועה מאכט נישט קיין גימטריאות און שרייט נישט מיט גריימען! ליידער האט דער ד"ר הערצל אזוי נישט געקוקט אויף דער זאך און איז ארויסגעטרעטען מיט א בריף געגען אוסישקינ'ען און אוסישקין ווידער האט געענטווערט מיט א בריף און אלץ אפען פאר אלע. וואס וועט זיין ווייטער, ווייסט איין גאט! די מעשה איז שוין פארקראכען גאנץ ווייט, אזש קיין בויבעריק!

די פראגע דארף דא אייגענטליך זיין, צי האט ה' אוסישקין דאס רעכט צו בלייבען א מיטגליד פון גרויסען אקציאנס־קאמיטעט און גלייכצייטיג צו מעלדען אפען, אז ער איז נישט איינשטימיג מיט דער החלטה. וואס דער קאנגרעס האט געמאכט איבער דעם פראיעקט פון אוגאנדא און זאגאר צו זאגען, אז ער וועט אגיטירען געגען איהם. ממה נפשך, וויל ער בלייבען אין קאמיטעט, מוז ער אננעמען זיינע החלטות, וויל ער ווידער נישט אונטערבייגען זיין מיינונג, דארף ער ארויסטרעטען פון קאמיטעט, נישט אנדערש. אזוי האט אייגענטליך ד"ר הערצל געשריבען און אזוי האט ער געדארפט שרייבען, אבער נישט מעהר. דער פעהלער איז, וואס ד"ר הערצל האט געשריבען מעהר ווי דאס. ער האט געשוזט ענטווערען אויפ'ן גאנצען בריף פון אוסישקינ'ען, חאטש דאס איז נישט געווען נייטיג. ד"ר הערצל האט, ווי עס ווייזט אויס, געוואלט ארויסנעמען אוסישקינ'ען פון דער פעסטונג, אין וועלכער יענער האט זיך פארשלאסען, דאס הייסט פון זיין ארבייט אין ארץ ישראל אין דער צייט פון קאנגרעס. ווי באלד אז די ארבייט איז קיין ארבייט נישט, איז דאך אוסישקין קיין אוסישקין נישט, און וואס איז מיט איהם דער מעהר? עס קומט אויס פונקט ווי ד"ר הערצל וואלט טון ווי האנניבאל אין דער צייט וואס די רעמער האבען בעלעגערט קארטאגא, וואס איז אוועקגעגאנגען קיין רוים און האט דארט אנגעמאכט צרות די רוימער. דו קריכסט צו מיר אין אוגאנדא, געה איך און מאך דיר כליה דיין ארץ ישראל. נאר דאס בין איך נישט אויסען. איך וויל מעהר נישט פרעגען, אויף וואס פאר איין אופן אוסישקין בלייבט אין קאמיטעט און טוט פונקט פארקעהרט ווי דער קאמיטעט וויל?

וואס ענטווערט אוסישקין אויף דעם?

אוסישקין ענטווערט ערשטענס איבער דער קאלאניזאציע אין ארץ ישראל. צווייטענס, אז ד"ר הערצל האט פריהער אבגעטרעטען פון פראגראם און ער, אוסישקין, איז נאר זיינער א תלמיד אין דעם, און דריטענס, אז ווען ער וועט אוועקלאזען די פאהן, וועט זיין נאך ערגער, דען עס וועט אין גאנצען איבערגעפיהרט ווערען די ארבייט פון די לעצטע 6 יאהר.

אבער ה' אוסישקין, „נא טשטא נאם פאזיקא?"—וואס טויג מיר די קינצען? איהר ענטווערט קלארע דבורים; אהין אדער אהער? זענט איהר אין קאמיטעט, טא ווי אזוי ווילט איהר אגיטירען געגען איהם, דאס הייסט געגען זיך אליין? ווילט איהר ווידער אגיטירען געגען, טא געהט זשע זייט מוחל ארויס פון קאמיטעט!

אהין אדער א הער!

ד"ר הערצל האט פריהער אבגעטרעטען פון פראגראם, פאר וואס האט איהר איהם ביי די פריהעריגע קאנגרעסען געשוויגען? זייט איהר זייער א תלמיד אין דעם, פאר וואס פאלגט איהר איהם נישט אין גאנצען! ה' אוסישקין זאגט, אז ווען ער וועט אבלאזען די פאהן

---

וואס געוועלטיגט אויף דער וועלט איז נעלד, ווארום מע זעהט דאס און מע הערט דאס און מע קאן דאס אנטאפען.

.17

„דער גרעסטער סוד צו זיין שטענדיג אויפגעלייגט – נישט צו לאזען זיך צום הארצען די הבלי העולם, נארישע זאכען". (אזוי זאגט סמאילס.) און איך זאג: דער גרעסטער סוד צו זיין שטענדיג אויפגעלייגט – נישט צו לאזען זיך צום הארצען פרעמדע צרות. דעריבער פליהט אפט מאל דער ארימאן ביים נגיד פון די טרעפ, ווארום ער קאן ניט הערען זיינע צרות.

.18

„נישט קיין ימים צעטיילען די פעלקער, נאר דאס [illegible] זיי זענען ניט געבילדעט. (אזוי זאגט דזשאן ריעסקין.) און איך זאג: נישט קיין ימים צעטיילען די פעלקער, נאר די פעלקער צעטיילען די ימים.

.19

„קליינע צרות איז אייגענטליך א גאנץ גוטע זאך". (אזוי זאגט איינער א בראמינער.) און איך זאג: קליינע צרות איז אייגענטליך א גאנץ גוטע זאך, נאר פאר יענעם.

(פארטזעצונג קומט).



וועט זיין נאך ערגער, אבער באלד ווי ער זאגט, אז די פאהן איז נישט קיין ציוניסטישע, דארף ער דאך זי געוויס אוועקלאזען.

נאך א מאל: אהין אדער אהער?

---

נישט לאנג האב איך געליינט א מעשה וואס דער „בעסארא-ביעץ" האט געבראכט מיט א קריסטליך יונגל אין קישינוב, וואס יודען זענען איהם בעפאלען אין גאס און האבען איהם געשטאכען און קיין פאליציי איז נישט געווען וואס זאל זיך אנגעמען...

דאס הארץ איז מיר איינגעפאלען פאר שרעק...

דערנאך האב איך געליינט איין הכחשה פון קישינובער פא-ליציימייסטער, אז דאס האט מען נישט א קריסטליך יונגל געשטאכען גאר א יודישען...

און מיר איז גרינגער געווארען אויפ'ן הארצען.

---

„אלץ דארף האבען מזל, אפילו א ספר תורה פון היכל", אזוי זאגען אונזערע חכמים. א בעוויז צו דעם קענען דיענען אט דיעזער צופאל: אין איינעם פון די „פרדסים" אדער „לוחות אחיאסף" האט ה' מרדכי בן הלל הכהן דערציילט, אז אין אנהייב פון יאהר 1881 האט ער אנגעהויבען צו דרוקען אין „ראזסוויעט" די איבערזעצונג פון סמאלענסקינ'ס ראמאן „קבורת חמור". נאר פלוצלינג זענען גע-ווארען די פאגראמען און ער האט אויפגעהערט עס צו דרוקען.

צוויי און צוואנציג יאהר האט ה' כהן געווארט און האט ווידער אנגעהויבען צו דרוקען זיינע איבערזעצונג פון קבורת חמור" אין דעם זשורנאל „יעווריסקאיא סעמיינאיא ביבליאטעקא" (איצט: „יעוורייס-קאיא זשיזשין"). אין אפאר ביכלעך איז דאס געגאנגען געדרוקט און האט ווידער אויפגעהערט — ווי עס ווייזט אוים צוליב די פרישע פאגראמען, וואס זענען געווען אין דעם יאהר.

אז עס איז נישטא קיין מזל, איז חאטש צעריים זיך!

בעל עצה.

---

# אינ'ם פראסט.

(ערצעהלונג).

דער אטעם האט איהר פארחאפט פונ'ם פראסט, אז זי איז ארוים אויפ'ן גאס. א שניידענדער ווינט האט קלעגליך געבלאזען אין די קוימענס און אין די לעכער פון די אלטע הילצערנע דעכער, האט פאנאנדער געבלאזען דעם שניי איבער'ן גאס און פארשטעלט מירלע'ן דעם וועג.

און מירלען ארט נישט די קעלט, נישט דער ווינט, אין איהרע אויהרען קלינגען די הארצרייסענדע קרעכצען פון איהר קינד, וואס גוסס'ט אין דער היים...

זי לויפט צום רופא! — דער ווינט שלעפט זי צוריק, דער שניי-שטויב שיט זיך איהר אין די אויגען, די פיס פלאנטען זיך איהר; זי הערט דאס אבער נישט און רייסט זיך פארווערטס: טאמער פריהער גאט דערנאך דער רופא...

פון הינטען יאגט זי אן לאה די קרעמערין. זי מיינט, אז מירל איילט זיך אין מארק עפים איינצוקויפען, „דארף מען מאכען מיט איהר א שמועס, טראכט זי, און פארפיהרען זי צו זיך אין קראם".

— וואוהין לויפסטו אזוי, מירל? שרייט זי איהר פון הינטען.

דער ווינט אבער האט פארשלינגען איהר פראגע מיט א צאָרנדיגען פייף, דערצו איז מירל געווען צופיעל פארטיעפט אין איהר אומגליק — זי האט לאה'ס פראגע גאר גיט פארנומען.

— מירל, וואוהין לויפסטו אזוי, מירל? — שרייט לאה ווידער אניאגענדיג זי נעהנטער.

דאס מאל האט שוין מירל דייטליך געהערט, אז עמיצער שרייט איהר נאך פון הינטען; זי האט אבער א ציטער געטאן און האט מורא געהאט זיך אומצוקעהרען...

— דער ווינט ווארפט פון די פיס — סטארעט זיך לאה איבערצושרייען דעם ווינט, ווען זי האט זיך שוין אויסגעגלייכט מיט מירלען — קוים אנגעיאגט דיך, וואס טראגט דיך אזוי?

— הא, לאה? — רופט זיך אן מירל מיט א יאמערדיג קול — איך לויף, איך ווייס דען וואו? דאס אומגליק טראגט מיך...

— וואס איז פאר איין אומגליק ביי מיינע שונאים? — פרעגט לאה נייגעריג.

— מיין עופ'עלע — זיפצט מירל — האט געחאפט א פאר-קיהלונג, הוסט... געהט אוים ווי א ליכטעלע...

— נו, איז וואוהין לויפסטו? — רייסט זי לאה איבער, און האט שוין חרטה, וואס זי האט זיך נאך איהר נאכגעיאגט...

— צום רופא, טאמער וועט גאט רחמנות האבען און...

— צום רופא, אזוי שפעט? — לאזט איהר לאה גיט ענדיגען — פאר וואס האט איהר עס פארלאזען?

— פארלאזען — זאגט איבער מירל, און האט מיט איהרע אנגעפרוירענע בלויע הענט זיך אויסגעווישט די טרערען, וואס האבען זיך איהר געוויזען אין די אויגען — מען זאל גיט זינדיגען מיט די רעד, עס געהט דאך מעהר ניט אב ווי היילען זיך... איצט, זאל איין גאט רחמנות האבען, כריפעט איהר שוין אין העלדזל, אז...

— טא רעד גיט, מירל, און לויף וואס גיכער צום רופא!

— שוין דריי טעג מיט דריי נעכט — הייבט אן ווייטער מירל אויסגיסען איהר ביטער הארץ כליפענדיג — אז מען טרעט ניט אב פון איהר וויגעלע, ניט מען עסט, ניט מען שלאפט, און דאס קינד מאטערט זיך, פאכט מיט דעם נשמה'לע...

— מירל, איך האב קיין צייט ניט — האקט זי אונטער לאה — לויף גיך, דו וועסט איהם נאך טרעפען ביי מיטאג-עסען, גאט וועט רחמנות האבען...

און ווישענדיג דעם שניי פון די אויגען, האט זי זיך א לאז געטאן גיך צום מארק צו און מירלען געלאזט פון הינטען.

מירל קוקט איהר נאך פון הינטען, ווי זי שפארט זיך מיט גוואלד אקעגען ווינט, שפאנט מיט אזוינע גרויסע טריט פארווערטס און א געדאנק לויפט איהר דורך אין קאפ:

— ס'א ווייך הארץ די לאה איז, זי וויינט צו מיין אומגליק, געדארפט איהר עפים געלד בעטען לייהען צושטייער פאר'ן דאקטאר....

— זי קלאגט — טראכט דערוויל לאה לויפענדיג — זאל מיך גאט ניט שטראפען פאר מיינע זינדיגע געדאנקען!... ער, דער

שלימזל, קאָן זיך אַליין ניט מפרנס זיין, דאַרף ער נאָך האָבען אַ ווייב מיט קינדער... איין אומגליק, ווינציגער מיט אַ קבצנ'טע וועט אויסוואַקסען אויף קהל'ס חשבון...

— וויו־ו־ו — האָט דער ווינט שטאַרק געפּייפט זיך ראַנגלענדיג מיט מירלען.

---

מירל איז אַריין אין פאַרהויז צו לייבע דעם רופא, האָט אַראָב־געטרייסעלט דעם שניי פון די קליידער, אָבגעקלאַפּט די גרויסע מענישע שטיוועל, וואָס זי האָט געטראָגען, עטליכע מאָל אָנגע־"כוקע"ט אין די קאַלטע הענט, און אַריין אין קיך.

— גוט מאָרגען! — זאָגט מירל מיט אַ פאַרשטיקט קול.

— גוט יאָהר! — האָט איהר געענטווערט אונצופרידען אַ צעשויבערטע מויד, בעמערקענדיג דעם שניי, וואָס מירל האָט מיט־געבראַכט אויף איהרע גרויסע שטיוועל.

— דער רופא איז אין דער היים? — פרעגט מירל.

— אויף וואָס דאַרפט איהר איהם?

— אַ פּיצל קינד ליגט און פּאַכט מיט דעם נשמה'לע, איין גאָט זאָל...

— ער איז אָט ערשט אַוועק צו ברוך פּערלעס — לאָזט איהר די מויד נישט ענדיגען — שטעלען באַנקעס דעם טאַטען זיינעם...

— אַ גרויסער מענש — כאַפּט אונטער מירל, פאַרברעכענדיג די הענט — און דאָס איז דאָך אַ פּיצל קינד, ווערגט זיך ממש...

— די וויפיעלטע איז דאָס ביי אייך? — פרעגט די מויד מיט אַ בייז געלעכטער.

די וויפיעלטע — זאָגט איבער מירל ברוגז'דיג, — דער אַנדערער וואָלט מיינען אַ גאַנץ פעלד האָב איך זיי — דאָס און מעהר ניט!... 6 יאָהר נאָך דער חתונה, קוים דערלעבט — צוויי, ניט היינט געדאַכט, ניט פאַר דיר געדאַכט בעגראָבען שוין, און איצט...

— טאַ לויפט גיך — לאָזט איהר די מויד ניט ענדיגען — איהר וועט איהם נאָך אפשר אָניאָגען. ער איז ניט לאַנג אַוועק.

— דריי טעג מיט דריי נעכט — רעדט ווייטער מירל — אַז מען...

— איהר וועט שפּעטער רעדען, געהט — ווייזט איהר אָן די מויד מיט דער נאַסער האַנט צום טיר — שטעהט ניט, געהט!...

— די טיר מאַכט צו — שרייט זי איהר נאָך, עס איז ניט זומער!... נאָך אַלע שלעפּעריגס די טיר צומאַכען און די פּאָדלאָגע וואַשען...

---

ברוך פּערלעס איז דאָ צוויי אין שטעדטל, איינער האָט איין אַלטען פּאַטער, דער צווייטער איין אַלטע מוטער. מירל געדענקט "ברוך פּערלעס", אָבער צו וועלכען האָט זי פאַרהערט.

אַז זי איז אָבגעגאַנגען אַ שטיק וועג, דערמאָהנט זי זיך. אַז זי האָט פאַרגעסען, צו וועלכען ברוך פּערלעס.

— אַ יודינע בלייבט אַ יודינע — מורמעלט זי שטיל — אַ זכרון פון אַ קאַץ...

— וואָס טוט מען איצטער? — טראַכט זי — געהן צוריק אַ שטיק וועג, עס איז קאַלט. און דאָרטען ליגט דאָס קינד און מאַטערט זיך דערווייל...

זי גיט אַ קוק — זי איז ניט ווייט פון ברוך פּערלעס מיט דער אַלטער מוטער.

— מען דאַרף אַריין געהן אַ פרעג טון — טראַכט זי — מילא וואָס קאָן זיין?

— אַ גוט מאָרגען! — זאָגט זי אַריינקומענדיג און האָט זיך גענומען אַרומקוקען אין צימער, צי איז דאָ ניטאָ אַ וואַרעמער אויוועען אָנצוואַרעמען זיך אַביסל.

— אַ גוט יאָהר! — בעגעגענט זי פּערלע, ברוכ'ס מוטער, איין אַלטע, אָבער נאָך אַ גאַנץ פעסטע יודינע, און פאַרשטעלט איהר דעם וועג, אַז זי זאָל ווייטער ניט געהן און ניט אַנטראָגען מיט זיך קיין קעלט אין יענע צימערען — וואָס איז מירל — פרעגט זי — אין אַזאַ וועטער?

— לייבע דער רופא איז דאָ? פרעגט מירל רייבענדיג זיך די הענט.

— דער רופא? שונאי ציון! וואָס דאַרף ער דאָ?

מ'האָט מיר דאָרטען געזאָגט, אַז ער איז ביי אייך, באַנקעס שטעלען אייך...

— מיר באַנקעס? — שרייט אויס פּערלע בייז — מיינע שונאים זאָל מען שטעלען באַנקעס!... ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט? דו ביזט געקומען טרייבען פון מיר קאַטאָוועס?

— ניין, באַבינקע, — ענטווערט מירל זיפצענדיג — מיר איז ניט צו קאַטאָוועס טרייבען: אין דער היים ליגט מיין עופ'עלע, אַ פּיצל קינד, געהט אויס, האָט זיך פאַרקיהלט, דריי נעכט ניט גע־געשלאָפען, הוסט, ווערגט זיך נעביך אין העלדזל, איין גאָט...

— גענוג, גענוג, גענוג! — שרייט אויס פּערלע פאַר שרעק, פּאַכענדיג און שפּייענדיג — דו ביזט דאָך אין אַ יודיש הויז, אַ שטוב מיט קליינע אומשולדיגע קינדער, וואָס ביסטו געקומען "בטלן" אַהער?... דער רופא איז דאָ ניטאָ, געה דיר געזונטערהייט, געה, געה, געה... און האָט אַלץ מירלען געפּאַכט איבער'ן פּנים ביז מירל האָט זיך ביסלעכווייז אַרויסגעשטופּט פון טיר.

עטליכע סעקונדען איז מירל געשטאַנען אויף יענער זייט טיר און האָט גאָר נישט געזעהן. דאָס האַרץ איז איהר געווען פאַרקלעמט, און די אויגען פאַרגאָסען מיט טרערען... אַ שטאַרקער פּייף פון'ם ווינט האָט זי אָבער באַלד געבראַכט צו זיך, זי האָט זיך אַ רייב געטאָן איבער די אויגען, צונויפגעציפּט פעסטער די פּאָלעס פון איהר אַלטען מאַנטעל און האָט זיך געלאָזען ווייטער.

— אַ מרשעת אַ יודינע — לויפט איהר דורך אין קאָפּ — אפילו אָנוואַרעמען זיך האָט זי מיך ניט געלאָזט.

— וויו־ו־ו! — פּייפט איהר איצט דער ווינט פון הינטען בשעת זי לויפט איילענדיג זיך ווייטער.

---

דאָרטען אין דערהיים האָט זי געלאָזען איהר נחמנ'ען.

נחמן, אַ שוסטער, זיצט אויפ'ן בעט נעבען דעם קינדס וויעג, וועלכע הענגט אויף אַ שטריק אָנגעבונדען אויף אַ נאָגעל צום סטעליע און וויעגט עס.

דאָס שטוּבּל איז קליין, צוויי קליינע פאַרפרוירענע פענסטערלעך, אַ נאַסע פּאָדלאָגע, פון סטעליע קאַפּעט פאַרשימעלטע טראָפּען און אין קוימען וואָיעט דער ווינט...

שוין דריי נעכט, אַז ער האָט ניט געשלאָפען, ניט אויסגעטאָן זיך, נאָר בּיי דעם קינדס וויעג געחאַפּט מינוטענווייז אַ קורצען דרימעל. ער פיהלט זיך איצטער זעהר אָבּגעמאַטערט, ער זיצט בּיי דער וויעג און דער קאָפּ איז איהם ווי אַ שטיק בּליי, און די אויגען קלעבּען זיך איהם.

ער וואָלט אַוועקגעגעבּען אַלץ אַבּי מען זאָל איהם לאָזען אַרויסקריכען אויף אַ וואַרעמען אויוועז און לאָזען איהם איינשלאָפען, אָבּער איינשלאָפען אַזוי שטאַרק, אַז ער זאָל פאַרגעסען דעם פראָסט, די נאַסע שטיוועל, דעם פּוסטען מאָגען, דאָס חאַרכלען פון זיין קינדס העלדזל...

דער שלאָף מאַטערט איהם און דאָס קינד איז ניט רוהיג, ער קאָן פון איהם ניט אָבּטרעטען.

אַ קינד מאַטערט זיך — טראַכט ער דרימלענדיג — וואָס האָט עס געזינדיגט?

— שאַ מיין קינד, שלאָף, מיין טאָכטער — זינגט ער איהר וויגענענדיג זי מיט אַ הייזעריג שלעפעריג קול און דער מידער קאָפּ איז איהם אַראָבּגעפאַלען אויפ'ן וויעג, וועלכע בּעוועגט זיך שוואַך הין און צוריק און די אויגען האָבּען זיך איהם פאַרמאַכט...

שלאָפענדיג האָט זיך איהם די וויעג אַרויסגעגליטשט פון אונטער'ן צוקאָפּען...

עס האָט איהם אַ שטאַרקען שוידער געטאָן און ער האָט זיך אויפגעחאַפּט דערשראָקען, עטליכע סעקונדען רייבּט ער די אויגען און קוקט זיך אַרום וואו איז ער, דאָס האַרץ קלאַפּט איהם שטאַרק און ער פיהלט זיך זעהר אומרוהיג.

ער הייבּט זיך אויף און בּייגט זיך איבּער איבּער'ן וויעג.

דאָס קינד איז שטיל געוואָרען, דאַכט זיך איינגעשלאָפען, עס וויינט ניט, נאָר קוים וואָס עס אָטעמט, מען הערט, אַז יעדער אָטעמצוג רייסט זיך דורך מיט גוואַלד דורך דעם פאַרלייגטען העלדזל...

ער בּעטראַכט דאָס בּלייכע געזיכטעל, די פאַרמאַכטע אייגעלעך, דאָס קליינע נעזל, די דינע בּלויע ליפּעלעך.

ער דריקט צו זיינע קאַלטע ליפּען צו איהר בּלייכען קאַלטען שטערען...

— זי שלאָפט, דאַכט זיך, רוהיג — זאָגט ער צו זיך — גאָט וועט רחמנות האָבּען, מען דאַרף איהר נאָר בּעסער איינדעקען, ס'איז איהר קאַלט...

ער נעמט אַ קישען פון בּעט און לייגט אויף איהר אַרויף, הערט זיך איין — זי איז שטיל...

— גיטאַ זי נאָך — טראַכט ער — וואָס זיצט זי דאָרטען אַזוי לאַנג?

די קעלט נעמט איהם דורך און ער גיט זיך אַ טרייסעל, ער מאַכט עטליכע טריט איבּערן שטוּב און רייבּט אַ האַנט אָן אַ האַנט.

— אַך, אַבּיסעלע אָנוואַרעמען זיך, דאָס קינד זאָל מיך לאָזען, זי זאָל שלאָפען עטליכע מינוט רוהיג... אויפ'ן אויוועז אַ ווײַלע אָנוואַרעמען זיך, ניט שלאָפען, חלילה, נאָר אַזוי, די בּיינער מיינע זאָלען מיר אַ בּיסל אָבּגעהן, חלילה, ניט שלאָפען, נאָר עטליכע מינוט בּיז וואַנען זי וועט קומען מיט'ן רופא... זי שלאָפט, דאַכט זיך, איצטער גאַנץ רוהיג...

און טראַכטענדיג אַזוי וואַרפט ער אַ בּליק אויפ'ן וויעג און הייבּט אָן צו קריכען אויפ'ן אויוועז. ער דערפיהלט בּאַלד די וואַרעמקייט, הייבּט אָן צו „אָב"קען פאַר פאַרגעניגען... „הוּאַ אַ־האַ־אַ, ווי וואַרעם! אַ מחיה!..." און פּאַוואָליקע, פּאַוואָליקע ציהט ער זיך אויס אין דער לענג מיט'ן ריקען אַראָבּ, קלעבּט זיך איין אין די וואַרעמע שטיינער און — עס געדויערט ניט פיעל, און ער ווערד שטאַרק איינגעשלאָפען...

---

מירל האָט שוין געפונען דעם רופא בּיי ברוך פעלדשער. ער האָט אָבּער בּאַלד ניט געקאָנט געהן מיט איהר — ער איז נאָך געווען בּעשעפטיגט מיט זיינע בּאַנקעס. ער האָט זיך אַ בּיסל אָבּגערוהט און מבטיח געווען בּאַלד צו קומען.

זי איז געוואָרען בּיי זיך אַ בּיסל מונטערער, און איהר האָפנונג, אַ בּיסל שטאַרקער.

זי האָט זיך אַ בּיסל אָנגעוואַרעמט און זיך געלאָזען געהן אַ היים.

עס האָט שוין אָנגעהויבּען ווערען טונקעלער, דער פראָסט האָט זיך צו דער נאַכט אָנגעהויבּען צו פאַרשטאַרקערען, נאָר דער ווינט איז אַ בּיסל שטילער געוואָרען.

זי געהט, זי אײַלט זיך... אונטער די פיס סקריפּעט דער שניי, פון מויל און פון נאָז שלאָגט איהר אַ פּאַרע.

אין קאָפּ און אין האַרצען איז איהר פּוסט, זי פיהלט נאָר — ווי קאַלט עס איז און טראַכט נאָר ווי קומט מען גיכער אַ היים...

נאָר אָט אָט, בּאַלד — זי איז שוין בּיי איהר קליין הייזל, דאַרטען בּיין עק געסעלע, ווי מען געהט צו די מיהלען, זי אָטעמט אויף פרייער און קלאַפּט אין טיר...

— נחמן, עפען, נחמן, נחמן!...

די טיר מוז מען האַלטען שטענדיג צוגעשפּאַרט, זי מאַכט זיך ניט גוט צו, עס געהט אַן קעלט. איצטער איז זי צוגעשפּאַרט, נחמן שלאָפט ווי אַ געה'רג'עטער, מירל קלאַפּט זיך...

— נחמן, עפען, עפען!

קיין ענטוועער.

— עפען! עפען! איך ווער פאַרפרוירען, נחמן, עפען, עפען!...

איהר איז שרעקליך קאַלט געוואָרען אין די הענט קלאַפּענדיג זיך. זי לייגט צו דעם אויער צום טיר און הערט זיך איין: דער ווינט וואָיעט אין קוימען, און איהר גיט זיך אָבּ, ווי אַ שוואַכער קרעכץ, אַ שטיל קינדערש געוויין טראָגט זיך אין דער לופט...

— וויעה איז מיר! דאָס קינד וויינט, אַליין, וואו איז ער דאָרטען פאַרפאַלען געוואָרען?...

— נחמן!! — גיט זי פאַרצווייפעלט אַ קלאַפּ מיט בּיידע הענט מיט אַ שרעקליך געשריי...

אָבּער קיין ענטוועער.

זי געהט אָבּ פון טיר, לויפט צו צו איין פענסטער, צו דעם צווייטען — מען זעהט אָבּער גאָר נישט דורך דעם דיקען טלאַי אייז...

אויפ'ן גאַס ווערד דערוויל נאָך טונקעלער.

— בר־ר־ר! — גיט זי זיך א טרייסעל פאר א מין מאדנער אינערליכער קעלט.

— וואס טוט מען? — טראכט זי אין פארצווייפלונג און קוקט זיך ארום.

קעגען איבער פון א צווייטען הויז האט שוין ארויסגעשיינט א פייערל. דארטען וואהנט רחל די בעקערין מיט איהרע דריי גרויסע מיידלעך. מירל לויפט אריין א היין.

— האט רחמנות — שרייט זי אוים ביטער, אז רחל מיט איהרע טעכטער האבען אויסגעלאזט די אויגען פאר שרעק: איין אומגליק, איך געה נאכ'ן רופא, קוים געפינען איהם ארומגעשלעפט זיך א גאנצען טאג אויפ'ן פראסט, איך קום צוריק — די טיר איז פארשפארט, קלאפ, קלאפ — ער עפענט ניט...

— ווער, נחמן? ער איז אינוועניג? — שרייען זיי אלע אוים.

— אינוועניג ביי דעם קראנקען קינד.

— גיב אקארסט א קוק, ביילע — זאגט רחל — ער שלאפט א ודאי.

— קומט! — כאפט זיך באלד אויף ביילע אנגעמענדיג מירל'ען ביי דער האנט און לויפט ארוים פון שטוב.

מירל שטעהט ביי דער טיר און קלאפט און שרייט: „נחמן, נחמן!", און ביילע האט זיך אוועקגעשטעלט ווי א קאזאק אקעגען פענסטער, האט אויסגעשטרעקט א פעסטען קולאק, ווי זי וואלט זיך געגרייט ברעכען א פעסטונג, און האט גענומען קלאפען אין פענסטער, אז שטיקלעך אייז און שניי האבען געשפרונגען איהר אין פנים.

— באלד, באלד, באלד — האבען זיי דערהערט נחמנ'ס פארכריפעט קול.

אז זיי זענען אריין אין שטוב, איז שוין געווען גוט פינסטער.

— א שלי'מזל — שרייט אוים מירל — לאזען א קראנק קינד, קרענקען זאלסטו, און...

איהר איז אבער ניט געראטען איצטער אויסצוגיסען איהר ביטער הארץ: עס איז אנגעקומען אין דעם דער רופא.

— גוטען אבענד — זאגט ער — נאך אין דער פינסטער?...

— שלי'מזל... פארחאפט זיך מירל באלד, נחמן, צינד אן א ליכט.

דער רופא לייגט אב דעם קאלנער פון זיין פעלץ, ווישט ארום די אנגעפרוירענע וואנסען און קוקט זיך ארום, וואו זיך צו זעצען.

אט דא, אט דא — ווייזט איהם אן ביילע דער ביי אויף א בענקל.

— וואס מאכט אייער חולה, זי שלאפט? — פרעגט ער און נעמט אראב זיינע ברילען, ווישט זיי אוים גוט, בעטראכט זיי קעגען לעמפל און זעצט זיי ווידער ארויף אויפ'ן נאז.

זי שלאפט - ענטווערט נחמן — שוין פון א היבשע ווייל'ע.

— א נו — זאגט דער רופא — נעמט ווער דאס לעמפל, ווייזט מיר דעם חולה.

ביילע האט גענומען דאס לעמפל, און אלע פיער האבען ארום גערינגעלט די וויעג.

— אויף וואס האט איהר עס אזוי פיעל איינגעטולעט? א הער, א הער א ביסל נעהנטער דעם פייער — זאגט דער רופא, איינ־ביינגענדיג זיך איבער דער וויעג, און האט גענומען פארזיכטיג אויפ־דעקען דאס בלאסע קינד...

באלד אבער האט ער זיך אויפגעהויבען, פארקרימענדיג די נאז דאס קינד איז געלעגען אין א בלאסע קאלטע שוויים...

דריי פאר אויגען האבען זיך אויף א מאל פרעגענדיג אויסגע־גלאצט אויף דעם רופא'ס ברילען, דורך וועלכע אבער מען האט גאר נישט געזעהן... מירל'ען האט אבער באלד עפיס שארף, ווי מיט א שארף קליין מעסערל, א קריץ געטאן אין מח, און א ריס געטאן ביים הארצען...

— איי, מיין קינד!! — איז זי מיט א גוואלדיגען יאמער ארויפ־געפאלען אויף דער וויעג.

ם. ערליך.

---

* * *

איך וועל געהן מיין יוגענד זוכען, —
ס'איז א שאד די בעסטע יאהרען;
איך געדענק דאך אלע ערטער,
וואו איך האב זיי אנגעווארען.

כ'קום פארביי א קליינעם שטיבל,
כ'האב געלערנט דארט אין חדר;
מיט א קאנטשיק זיצט דער רבי,
ס'נעמט מיין זעלע דורך א שוידער.

מיט א קאנטשיק זיצט דער רבי,
די תלמידים אין איין קלעמען — — —
קינדער יאהרען, שווארצע יאהרען,
ניין! איך וועל אייך יעצט ניט נעמען!...

געה איך ווייטער זוכען זוכען
מיינע יאהרען, וואס פארפלויגען:
שטעהט א שטיבעלע א קליינעס,
איינגעהויקערט איינגעבויגען,

און עס עפענט זיך א טירל,
און עס בייזערט זיך און סקריפעט,
טאטע־מאמע זיצט אין ווינקעל
און ס'קינד אין וויעגל חליפעט,

און א שוועסטער שילט א ברודער,
און דאס לעמפעלע עס רויכעט — — —
יאהרען יונגע, יאהרען שווארצע,
ניין! איך קאז אייך איבער אויכעט!...

אברהם רייזען.

---

## געלד.

(ענדע שטאט־פארזעצונג)

דא זעהען מיר, אז די אלע פארשידענע פראדוקטען דרוקען אוים זייער ווערט אין איין פראדוקט, אין דער בהמה, און ממילא וועט זיין ד' בהמה דער „אלגעמיינער אויסדריקער" פון אלע אויבען

אנגערופענע סחורות־ווערט. ווען 1 פּראָדוקט שפּיגעלט אין זיך אב די ווערט פון א סך פּראָדוקטען — דאן בעקומט שוין די ווערט פון יעדען פּראָדוקט א געוויסע צורה.

אין פאָרמע I, ווען דער טויש איז נאך פאַרגעקומען זעהר זעלטען און אפילו אין פאָרמע II, האָבען מיר נאר געקאנט וויסען די ווערט פון יעדען פּראָדוקט דווקא אינ'ם פערגלייך מיט דעם איינציגען פּראָדוקט, אויף וועלכען ער ווערד גלייך פאַרטוישט. דעם ווערט פון דער בהמה האָב איך נאר געקאנט וויסען, ווען איך האָב אַקעגען געשטעלט די האַק, אויף וועלכע די בהמה איז געוואָרען פאַרטוישט. קוים אָבער האָט זיך גראָד ניט געמאכט ביי א צווייטער גרופּע איין איבעריגע האַק אָדער איין אַנדער פּראָדוקט, אָדער ווען די גרופּע האָט בכלל ניט נייטיג געהאַט צום געברויך א בהמה, האָבען מיר דענסטמאָל אויך ניט געקאנט וויסען די ווערט פון דער בהמה, ווייל איין פּראָדוקט שפּיגעלט אין זיך אב די ווערט אויך מעהר ניט ווי פון איין פּראָדוקט. אין פאָרמע III איז אָבער גאַנץ אַנדערש. דאָ דריקען אויס זייערע ווערטען א סך פּראָדוקטען אין איין פּראָדוקט — אין דער בהמה, און ממילא ווערד איין סחורה — די בהמה, דער אויסדריקער פון א סך סחורות־ווערט.

אין פאָרמע II, איידער מיר האָבען איבערגעקעהרט די פאַרגלייכונג, ווען דער טויש האָט אונז זיך פאָרגעשטעלט אין אזא פאָרמע, אז 1 סחורה, די בהמה איז גלייך צו א סך סחורות, זענען נאך די געלד־סימנים ניט געווען אזוי בולט, ווייל די ווערט פון א סך סחורות האָט זיך ניט אָבגעשפּיגעלט אין איין פּראָדוקט, נאר די ווערט פון איין סחורה אין א סך פּראָדוקטען. די ווערט פון דער בהמה האָט זיך אָבגעשפּיגעלט אי אין א שווערד, אי אין א האַק, אי אין א פּאָר טעפּ אז״וו: איצט, (אין דער פאָרמע III) ווען מיר האָבען שוין איבערגעשטעלט די פאַרגלייכונג, קומט דאך אויס, אז פיעל פאַרשידענע פּראָדוקטען פאַרקערפּערן זייערע ווערטען אין איין פּראָדוקט און ממילא ווערד דער דאָזיגער איינציגער פּראָדוקט דער אלגעמיינער אויסדריקער פון אלע אַנדערע פּראָדוקטען.

מיר מוזען בעמערקען, אז דאס איבערשטעלען די פאָרמע II:

| | |
|---|---|
| איין בהמה איז גלייך צו | איין האַק |
| | ״ שווערד |
| | ״ אכטל ווייץ |
| | צוויי לעהמענע טעפּ, |

אויף פאָרמע III:

| | |
|---|---|
| איין האַק | זענען גלייך צו 1 בהמה, |
| ״ שווערד | |
| ״ אכטל ווייץ | |
| צוויי לעהמענע טעפּ | |

איז ניט נאר א מאַטעמאַטישער איינפאַל, נאָר דאס לעבען גופא האָט דאס אַרויסגערופען.

ווען דער טויש צווישען די גרופּען האָט שוין אַנגעהויבען פאַרצוקומען זעהר אָפט, ווען די גרופּען, צוליב די שותּפות'דיגע אונטערנעמונגען, פלעגען שטענדיג מאַכען צווישען זיך געשעפטען, — פלעגט יעדע גרופּע טאַקי סטאַרען זיך צו פאַראיבריגען א פּראָדוקט, ווייל זי האָט געוואוסט, אז זי וועט ווען עס איז האָבען די מעגליכקייט איהם צו פאַרטוישען אויף איין אַנדער פּראָדוקט, וועלכער איהר וועט נוצליך זיין.

ווען א גרופּע, למשל, האָט אויסגעאַרבייט מעהר שווערדען, ווי־פיעל איהר איז נייטיג געווען צום אייגענעם געברויך, און זי וויל די „איבריגע" שווערדען אויסבייטען אויף פיילען, וועלכע זענען איהר נייטיג בכדי צו טייטען די ווילדע חיות. זי טרעפט זיך מיט נאך א גרופּע, וועלכע נייטיגט זיך טאַקי אין שווערדען. אָבער די דאָזיגע גרופּע האָט ניט קיין פיילען צו געבען אַקעגען. ווי טוט מען דאָ? די גרופּע, וועמען עס ווילט זיך זעהר בעקומען די שווערדען, הויבט אן פאַרצולייגען פאַר די שווערדען אַנדערע פּראָדוקטען: תּבואות פאַרשידענע, פירות, טעפּ אז״וו. דיעזע סחורות זענען אָבער ניט נייטיג דער ערשטער גרופּע. סוף כל סוף זענען זיי געקומען צו א הסכּמה: פאַר די שווערדען גיט די צווייטע גרופּע א בהמה. די בהמה איז אפילו בעת דעם טויש ניט נייטיג דער גרופּע, וועלכע האָט צו פאַרקויפען די שווערדען; נאר זי קלערט זיך אזוי: פון אלע סחורות, וועלכע מען לייגט מיר פאָר איז די בעסטע א בהמה, ווייל א בהמה ווערד ניט אזוי גיך פאַרדאָרבען, מען קען דאס האַלטען לאַנג און דאן ווידער איז טאַקי א בהמה א מעהר גאַנגבאַרער אַרטיקל, אלס די איבריגע סחורות, וועלכע מען לייגט מיר פאָר. ווען איך וועל טרעפען א גרופּע, וועלכע האָט צו פאַרקויפען פיילען, וועלכע אונז זענען נייטיג, וועלען זיי אויך איבער דעם אייגענעם רעכנונג נעמען בעסער א בהמה אלס אַנדערע פּראָדוקטען, און אזוי בייט די גרופּע אויס שוין ניט אויף א פּראָדוקט, וועלכע זי האָט נייטיג צום אייגענעם געברויך, נאר אויף אזא פּראָדוקט, פאַר וועלכען זי קאָן בעקומען אלע אַנדערע פּראָדוקטען, וועלכע זענען איהר נייטיג, ד״ה זי מוז שוין אַנקומען צו א פאַרמיטלער. אין אונזער משל איז די בהמה דער פאַרמיטלער צווישען אַנדערע צוויי סחורות: צווישען די שווערדען און פיילען. די בהמה ווערד דאָ דער אויסדריקער פון זייער ווערט.

אט זעהען מיר שוין ווי גיך עס האָט זיך ענטוויקעלט פון פאָרמע II די פאָרמע III:

| | |
|---|---|
| איין שווערד | = איין בהמה. |
| צוויי פיילען | |

אט די סחורה, וועלכע איז געוואָרען דער פאַרמיטלער פון אלע איבריגע סחורות, איז געווען די ערשטע געלד אין אונזער געשיכטע.

ווי מיר זעהען האָבען אין די ערשטע צייטען געדיענט אלס געלד ניט דווקא מעטאַלען, נאר אויך אַנדערע פּראָדוקטען, איבערהויפּט אזוינע פּראָדוקטען, אין וועלכע אלע האָבען זיך גענייטיגט. אין פאַרשידענע צייטען האָבען אלס געלד געדיענט אויך פאַרשידענע סחורות, דאס האָט זיך געווענדעט אן די פאָרמע פונ'ם לעבען און פון די בעדינגונגען אין יענער צייט. ביי די שבטים, וועלכע האָבען זיך בעשעפטיגט מיט געיעג, האָבען פיילען געדיענט אלס געלד; ביי די פיהפיטערער שבטים האָבען געדינט אלס געלד פאַרשידענע סאָרטען בהמות; ביי די אַקערבויער — שקלאַפען און לאַנדווירטשאַפטליכע געצייג; ביי די שבטים, וועלכע האָבען געפיהרט מלחמות — פאַרשי־

דענע כלי-זיין [1]) אז"ו. מעטאלען האבען אנגעפאנגען צו דיענען אלס געלד ערשט שפעטער, ווען די מענשהייט האט שוין ערגרייכט א געוויסע מדרגה אין דער ענטוויקלונג [2]). די אורזאכע, פאר וואס די אלע אויבענדערמאהנטע געלד זענען אומעטום פארביטען געווארען אויף מעטאלען, ליגט אין דער טבע פון די מעטאלען גופא. מעטאלען זענען געוועזען א סחורה, וועלכע אלע האבען דאס גערן גענומען, ווייל פון מעטאלען פלעגען די ווילדע שבטים מאכען פארשידענע כלי־זיין, געצייג און ציהרונג, אויף וואס די מענשען זענען אין אלע צייטען געוועזען גרויסע בעלנים; צווייטענס, קאנען מעטאלען בעסער ערפילען די ראליע פון געלד ווי די איבריגע סחורות. כל זמן די איבריגע סחורות: בהמות, פעלען אז"ו, האבען געדעקט אלס געלד, האט געקאנט ווערען א מסחר נאר דענסטמאל, ווען דער פארקויפער האט געהאט אזא סחורה, וואס איז ווערט געוועזען ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי די פעל אדער די בהמה. ווען דעם מוכר'ס פראדוקט איז ווערט געוועזען ווייניגער ווי די פעל אדער די בהמה האט שוין דער מסחר ניט געקאנט אויסגעפיהרט ווערען, ווייל א פעל צעשניידען אויף שטיקער האט ניט געלוינט: די פעל וואלט דענסטמאל פארלארען אין גאנצען איהר ווערט; דאס גלייכען ביי בהמות. ביי מעטאלען איז דער חסרון ניטא, ווייל מעטאלען קאנען צעטיילט ווערען אויף קליינע שטיקלעך, זייער ווערט ווערען זיי ביים צעטיילען ניט אן; מעטאלען ווערען אויך ניט אזוי גיך פארדארבען, ווי אנדערע פראדוקטען — זיי קאן מען האלטען לאנג און דאן פארנעמען זיי ניט אזא גרויסען ארט ווי אנדערע פראדוקטען.

אט צוליב די אלע מעלות, וועלכע געפינען זיך ביי די מעטאלען, האט זיך געשווינד אומעטום פארשפרייט דער מנהג צו געברויכען זיי אלס פארמיטלער פון טויש.

דער פארמיטלער, ווי מיר זעהען, שפיגעלט אין זיך אב די ווערטען פון אלע סחורות אין דער וועלט, חוץ זיין אייגענע ווערט. ווען מיר ווילען וויסען די ווערט פון דער בהמה, וועלכע דיענט אלס פארמיטלער צווישען די סחורות, מוז איך זי פארגלייכען און אקעגענשטעלען מיט אנדערע סחורות, מיט א האק, מיט א שווערד אז"ו, זי אליין קאן איהר אייגענע ווערט ניט אויסדריקען, מען קאן ניט זאגען, למשל, איין שאף איז גלייך צו איין שאף — דאס וואלט געווען זעהר קאמיש. און דעריבער איז טאקי אזא פארמיטלער נאך אויך ניט געוועזען די העכסטע ענטוויקעלטסטע פארמע פון טויש. מען האט געמוזט געפינען אזא פארמיטלער, אין וועלכען עס האבען גע־קאנט ווערען אויסגעדריקט די ווערטען פון אלע סחורות אין דער וועלט, אפילו זיך אליין אויך און דאס האט נאר געקאנט זיין געלד אין דער פארמע פון מטבעות.

### מטבעות זענען געשטעמפעלטע געלד.

ווען דער טויש איז שוין געווארען א בעשעפטיגונג, אהן וועלכע מען האט שוין ניט געקאנט אויסקומען, ווען אין דעם טויש האבען שוין איין אנטייל גענומען א סך מענשען פון דער געזעלשאפט, האט יעדע מלוכה געמוזט זארגען, ווי צו פארלייכטערן די טעכנישע זייט פונ'ם טויש. זי האט געמוזט מאכען אזוינע געלד, וועלכע אלע זאלען גלייך וויסען די געוויכט און די גרויס איהרע. זי האט דעריבער אב־געשטעמפעלט אויף יעדער שטיק מעטאל, וועלכער איז בעשטימט גע־ווארען אלס געלד, די געוויכט און די פראבע. יעדע מטבע האט זיך פארמוישט לויט איהר פולער ווערט, ניט ווייניגער און ניט מעהרער. (איצטיגע מטבעות און אסיגנאציעס טראגען איין אנדער כאראקטער) 3). די חתימה אויף דעם מעטאל האט נאר געוויזען וויפיעל און ווי גרויס ס'איז איהר ווערט און איז געוועזען א מאס, מיט וועלכע מען פלעגט אויסמעסטען די ווערטען פון די סחורות. ווען מען האט גע־חתמ'עט שטיקלעך מעטאלען האבען זיי שוין אויפגעהערט צו עגזיסטי־רען נאר אלס סחורות, וועלכע קאנען צופרידען שטעלען מענשליכע בעדירפנים, נאר אויך אלס אויסדריקער פון אלע ווערטען אין דעם לאנד, אלס סימבאל, אין וועלכע עס האבען זיך אבגעשפיגעלט אלע ווערטען אפילו איהר אייגענע ווערט, איהר מעטאלען ווערט. זיי זענען געווארען די מאס, מיט וועלכע אלע מיטגלידער פון דער גע־זעלשאפט האבען מסכים געוועזען אויסצומעסטען אלע זייערע סחורות, און דעריבער האבען זיי בעקומען א בעזונדערע בעדייטונג צווישען די איבריגע סחורות. אויסער דעם, וואס זיי זענען פראדוקטען, וועלכע קאנען צופרידען שטעלען פארשידענע בעדירפניסען, זענען זיי אויך:

1) א פארמיטלער ביים טויש.

2) א סחורה, אין וועלכע אלע פראדוקטען דריקען אויס זייערע ווערטען.

3) א בעשטעטיגטע מאס, מיט וועלכע מען

---

[1]) ביי די שבטים, וועלכע וואהנען ארום דעם טייך „הודסאן, האבען די פעלען פון ביבערס געשפיעלט די ראליע פון געלד: פאר א ווייסען פוקס פלעגט מען געבען 2 ביבער־פעלען, פאר א שווארצען פוקס 4 פעלען, פאר שליידער־שטיינער—15 פעלען. אויך אין היינטיגע צייטען זענען נאך דא אסך שבטים, וועלכע ווייסען נאך ניט פון מע־טאלענע געלד. די קירגיזער וועלכע וואנדערן ארום אין די מדבריות פון קליין־אזיען מעסטען אויס די ווערט פון די סחורות מיט פערד און שאף. אלס קליינגעלד דיענען די פעלען פון וועלף. ביי די טא־טארען, וועלכע וואהנען אין ניאגאס, זענען קיה די פארמיטלער אין טויש; ביי די וואנדער־שבטים אין פערסיע—שאף; ביי די צערקעסען אקסען.

אין אפריקא זענען אלע סחורות פארקויפט געווארען אויף זאלץ; זאלץ איז דארטען זעהר א טייערער ארטיקעל און דעריבער איז עס דארטען אנגענומען געווארען אלס געלד; זאלץ האט די מעלה, וואס זי ווערט געוואוינען און געמאסטען אין פארשידענע חלקים. אין קליינע און גרויסע. פאר א 14 יעהריגען יונגל האט מען געגעבען אין דארקולא 12 פונט זאלץ.

[2]) דער גרויסער גריכישער פאעט האמער, ווייל ער האט געלעבט איין ערך פון 1200 יאהר איידער די קריסטליכע רעליגיאן האט זיך גע־גרינדעט, רעדט אין זיינע ווערק וועגען דעם טויש, וואס איז פארגע־קומען דענסטמאל צווישען פארשידענע שבטים און דערמאהנט ניט מע־טאלענע געלד. פון זיינע ווערק קאן מען ארויס זעהן, אז אין יענע צייטען האבען געשפיעלט די ראלע פון געלד־ בהמות.

[3]) די ערשטע מטבע איז געשטעמפעלט געווארען אין גריכענלאנד איין ערך 700—800 פאר דער קריסטליכער צייטרעכנונג. אין רוים האט מען אב־געשטעמפעלט די ערשטע מטבעות ניט פריהער, ווי 269 יאהר פאר דער קריסטליכער צייט־רעכנונג.

קאָן אויסמעסטען די ווערט פון אַלע פּראָדוקטען אין דער געזעלשאַפט.

א. ש. זאַקס.

---

## ווי אַזוי לערנען זיך די מענשען רעדען?

דער מענש הייבט זיך אָן צו לערנען דאָס לשון געוואָהנליך אין ערך פון 5—6 חדשים נאָך זיין געבוירען ווערען, און לערנט זיך די ערשטע צייטען זעהר געשווינד. די מיינונג, אַז צו צעהן יאָהר ענדיגט זיך שוין דער דאָזיגער למוד, איז פאַלש. דאָס לערנען פון'ם לשון ציהט זיך ביים מענש נאָך זעהר לאַנג, טאַקי ביז אין דעם טויט אַריין; ביז צו דער לעצטער מינוט פון זיין לעבען לערנט זיך דער מענש צו נאָך נייע ווערטער, וואָס ער האָט זיי פריהער נישט געקאַנט, און אויך נייע טייטשען פון אַזוינע ווערטער, וואָס ער האָט זיי שוין לאַנג געהערט. מיר ווייסען דאָך גאַנץ גוט, אַז דאָס אייגענע וואָרט האָט ביי דעם מענשען אין זיין יוגענד איין אַנדערען טייטש, ווי אין די שפּעטערע יאָהרען. אַז מען וועט פרעגען, למשל, אַ קינד, וואָס איז דאָס וואָרט „טאַטע", וועט ער ענטווערען, אַז דאָס איז אַ מענש, אַ הויכער מיט אַ לאַנגער באָרד, וואָס ברענגט אַ סך מאָל אַהיים פון דער גאַס צוקערלעך און טייל מאָל אַפילו קלעפּ. דאָס אייגענע קינד וועט נאָך אַ געוויסער צאָהל יאָהרען שפּעטער געבען אַ ברייטערען און רייכערען טייטש דעם וואָרט „טאַטע"; שפּעטער וועט שוין דאָס וואָרט בעדייטען נישט נאָר אַ מענש, וואָס איז הויך, האָט אַ לאַנגע באָרד און ברענגט אַהיים צוקערלעך און קלעפּ, נאָר אַ מענש, וואָס אַרבייט פאַר די פּרנסה פון דער גאַנצער משפּחה, וואָס ער האָט אַמאָל חתונה געהאַט מיט דעם יונגעלס מאַמע, וואָס ער וועט אַמאָל ווערען אַלט, און דאָס יונגל וועט איהם מוזען אַמאָל מיט זיין אייגענער אַרבייט שטיצען און אַזוי ווייטער. פאַר דאָס אָבער קאָן מעגליך זיין, אַז דאָס יונגל וועט שוין פאַרשטעהן, אַז נישט יעדער טאַטע איז הויך און מוז דווקא האָבען אַ לאַנגע באָרד; און וואָס ווייטער דאָס יונגל וועט עלטער ווערען, וואָס רייכער ער וועט ווערען מיט געדאַנקען, דאָס מעהר טייטש בעקומען די ווערטער, וואָס ער בענוצט זיי שוין פון לאַנג; אַ סך טייטשען פון די ווערטער, אַזוי ווי מיר האָבען געזעהן, ווערען פאַרשוואונדען. נאָר בכלל קומט אויס, אַז וואָס עלטער דער מענש ווערד און ביז זיין לעצטע שעה בעקומט יעדעס וואָרט ביי איהם וואָס אַמאָל מעהר טייטש. מיר נעמען נאָך אַ משל: וואָס קאָן, צום ביישפּיל, זאָגען אַ צעהן־יעהריג יונגל וועגען דעם וואָרט „באַהן"? אים בעסטען פאַל האָט ביי איהם דאָס דאָזיגע וואָרט די טייטש: „באַהן" איז אַ מאַשין, וואָס קאָן דעם מענשען פיהרען זעהר געשווינד און ווייט. איצט לאָמיר פרעגען דאָס אייגענע יונגל נאָך דעם, ווי עס איז אויפגעוואַקסען, האָט געענדיגט אינזשעניער און איז אַליין געוואָרען אַ מעכאַניק אויף דער „באַהן", וואָס דאָס וואָרט איז טייטש? ער וועט איצט אין שטאַנד זיין צו זאָגען גאַנצע טעג און דער טייטש פון דעם קליינעם ווערטל וועט נאָך אַלץ ביי איהם קיין סוף נישט נעמען. דאָס אייגענע קאָנען מיר זאָגען פון דעם וואָרט „הובעל" ביי דעם יונגל, ווען ער איז אַלט 10 יאָהר, און דערנאָך ווען ער איז שוין דערוואַקסען און איז געוואָרען אַ סטאָליאַר. ווייל מיר ווייסען, אַז עס איז נישט דאָ קיין שום זאַך און קיין שום וואָרט, וואָס דער מענש זאָל נישט קאָנען דעריבער אַפילו אין די עלטסטע יאָהרען געוואָהר ווערען עפּיס נייעס, ווייל מיר ווייסען ווייטער, אַז דענסטמאָל ווען דער מענש ווערד געוואָהר נייע זאַכען (און דאָס דויערט ביז אין די לעצטע מינוט פון דעם לעבען), ווערד ער אין איין וועגס געוואָהר נייע ווערטער און נייע רעד, מוזען מיר אַלזאָ קלערען, אַז דאָס לערנען פון'ם לשון ביי דעם מענשען נעמט קיין מאָל קיין סוף נישט, נאָר עס ווערד וואָס אַמאָל שוואַכער און איז צום שטאַרקסטען אין דעם מענשענס קינדער־יאָהרען. איצט קאָנען מיר זיך פרעגען, ווי אַזוי לערנט זיך דער מענש אין דער קינדהייט אויס רעדען? דאָ מוזען מיר געדענקען, אַז דער מענש געפינט זיך באַלד פון געבוירענהייט אָן אין אַ סך אַ בעסערער מדרגה, ווי אַנדערע בעשעפעניסען, אַ פויגעל, למשל, ווען מען זאָל איהם וועלען אויסלערנען רעדען ווי אַ מענש. דער פויגעל קומט אַרויס פון בריאות, וואָס האָבען קיין מאָל קיין שום לשון נישט פאַרמאָגט, און דעריבער איז אונמעגליך איהם אויסצולערנען רעדען. דער מענש אָבער ווערד טאַקי געבוירען אָהן שום רעד; אין אָנהייב פאַרשטעהט ער נישט קיין וואָרט פון דעם, וואָס מען רעדט אַרום איהם און קאָן קיין וואָרט נישט רעדען, און מען קאָן זיכער זיין, אַז ווען מען זאָל למשל אַ יודיש יונגל איבערלאָזען אין גאַנצען אַליין אין אַ מדבר, אַז ער זאָל אין די קינדער־יאָהרען קיין שום מענש נישט זעהן פאַר די אויגען, וועט ער זיכער פון זיך אַליין זיך נישט אויסלערנען רעדען יודיש. ווייל דער מענש קומט אָבער אַרויס פון אַ סך דורות, וואָס האָבען גערעדט, ווערד ער באַלד געבוירען מיט דעם כח פון דעם לשון; ער ברויכט נאָר אַ קליינעם שטופּ פון די מענשען, וואָס רינגלען זיין וויעג אַרום, אַז ער זאָל אין אַ קורצע צייט זיך אויסלערנען די גאַנצע קונסט פון רעדען; דער דאָזיגער כח פון דעם לשון ווערד איהם גלייך איבערגעגעבען פון דעם פאָטער גלייך ווי ער הויבט נאָר אָן בעשאַפען ווערען.

דאָס קינד זעהט, למשל, אַ גלעקל; דאָס אויסזעהן פון דעם גלעקל, זיין קאָליר לאָזט איבער אין דער נשמה פון דעם קינד אַ בילד, וואָס מיר וועלען עס רופען דאָס זעה־בילד פון דעם גלעקל. אין דער אייגענער צייט הערט דאָס קינד דעם קלאַנג פון דעם גלעקל, און דאָס בלייבט איהם אויך אין זכרון; מיר וועלען דאָס אָנרופען דאָס הער־בילד פון דעם גלעקל. אַז מיר וועלען בעשרייבען דאָס זעה־בילד, וואָס דאָס קינד האָט אין דעם זכרון, וועלען מיר דאָרט געפינען, אַז דאָס קינד האָט אין דעם קאָפּ אַ בילד פון אַ קיילעכדיגע זאַך, וואָס גלאַנצט אַזוי ווי זילבער; אויבען אין דער הויך האָט עס אַ קנעפּל, ביי וועלכען מען נעמט אָן דאָס גלעקל מיט דער האַנט; אונטער דעם דעקל שאָקעלט זיך אַ שטיקל מעטאַל, וואָס מען רופט דאָס „הערצל" פון דעם גלעקל; דאָס דעקל אַליין זעהט אויס אַנדערש אין פאַרשידענע צייטען, אין פאַרשידענע ערטער; ביי טאָג האָט עס איין אַנדערען גלאַנץ ווי ביי נאַכט; ווען עס ליגט אויף דעם טיש קעגענאיבער דעם פענסטער אָדער אין דער שיין פון דעם לאָמפּ, האָט עס ווידער איין אַנדער אויסזעהן, ווי בשעת עס ליגט אין שאָטען. דאָס הייסט, אַז דאָס קינד בעקומט פון דעם גלעקל נישט איין איינציג זעה־בילד, נאָר אַ סך בילדער, וועלכע זענען איינער פוי דעם

אנדערען עטוואס פארשידען. נאר ווייל זיי אלע זענען צווישען זיך מעהר ענהליך, ווי פארשידען, מישען זיי זיך אויס, אונ דאס קינד געדענקט, אז די דאזיגע אלע זעה־בילדער ווייזען אלץ אויף דעם איינעם גלעקל. דאס אייגענע קאנען מיר זאגען וועגען דעם הער־בילד פון דעם גלעקל: דאס קול פון דעם גלעקל איז נישט אלע מאל גלייך: ווען מען גיט א שטארקען ציה ביי דעם גלעקל, גיט עס ארויס איין אנדער קול, ווי בשעת מען ציהט עס פאמעליך, אין שטוב קלינגט עס אנדערש, אויף דעם הויף ווידער אנדערש. ווען דאס פענסטער געהט ארויס אויף א ליידיגען הויף, קלינגט עס אנדערש, אונ ווען עס געהט ארויס אין א גארטען מיט געדיכטע ביימער. ווידער אנדערש; דאס הייסט, אז דאס הער־בילד פון דעם גלעקלס קול, איז נישט קיין איינציגס אין דעם זכרון, נאר דאס קינד געדענקט דאך, אז די דאזיגע אלע בילדער געהערען צו דעם איינציגען גלעקל. איצט טרעפט זיך, למשל, אז דאס קינד זעהט דאס גלעקל, אונ אין דער אייגענער צייט זאגט איינער פון די, וואס זענען אין שטוב, הויך ארויס דאס ווארט „גלעקל" אונ ווייזט אין איין וועגס אויף די זאך. עס איז בעוואוסט, אז ווען א מענש זעהט א זאך אונ באלד נאך דעם אדער פאר דעם הערט ער עטוואס דערפון, דאס הייסט, ווען דער מענש בעקומט איינס נאך דעם אנדערען אין דעם זכרון אריין א זעה־בילד אונ א הער־בילד, פארבינדען זיך די בילדער אזוי, אז שפעטער ווען איין בילד קומט איהם אין דעם זכרון אריין, דערמאנט ער זיך באלד פון דעם צווייטען בילד, למשל, אז דער מענש איז אמאל געשטאנען אויף א פעלד אונ האט געזעהן די פויערען מיט סיערפעס אין די הענט שניידען די תבואה אונ זינגען עפיס א דארפיש ליעדל, קאנען מיר זיכער זיין אז ווען דער אייגענער מענש וועט נאך א לאנגער צייט ווידער הערען דאס אייגענע ליעדל, וועט איהם זיכער פלוצלינג אין דעם זכרון זיך אויפוועקען דאס בילד פון דעם פעלד, פון די פויערישע קליידער, פון דער תבואה אונ די סיערפעס. דאס איז א שטענדיגער חוק אהן שום אויסנאהמען, דער חוק וועגען דער פארבינדונג פון די זכרון־בילדער. איצט קעהרען מיר צוריק צו דעם קינד. עס זעהט דאס גלעקל אונ הערט אין דער אייגענער צייט כמעט דאס ווארט „גלעקל". די ביידע בילדער, דאס זעה־בילד פון דער געשטאלט פון דער זאך אונ דאס הער־בילד פון דעם קלאנג פון דעם ווארט „גלעקל", זענען דעם קינד געגעבען געווארען כמעט אין איין צייט אונ דעריבער פארבינדען זיי זיך צווישען זיך אויף אייביג: ווען דאס יונגל וועט זעהן א גלעקל אדער ווען עס וועט זיך דערמאנען פון דער זאך, וועט איהם באלד אריינקומען אין זכרון דאס דאזיגע ווארט. אונ פארקעהרט אויך: ווען דאס קינד וועט נאר הערען פון עמיצען דאס ווארט „גלעקל", וועט איהם דאס הער־בילד פון דעם דאזיגען ווארט אויפוועקען אין זכרון דאס בילד פון דער געשטאלט פון דער דאזיגער זאך, דאס הייסט, אזוי ווי ער וועט הערען דאס ווארט, וועט ער באלד פארשטעהן, פון וואס פאר א זאך דער שמועס געהט; אונ אין דעם שטעקט דאך טאקי דער גאנצער סוד פון דעם לשון: אז מען זאל זיך דערמאנען אן פארשידענע זאכען, ווען מען הערט פון יענעמס מויל פארשידענע קולות אדער ווערטער.

ווען דאס קינד וועט זיך אויף דעם דאזיגען שטייגער אויסלערנען א סך ווערטער אונ גאנצע זעצע וועט עס שוין זיך האבען אויסגעלערנט דאס לשון; נאר געדענקען מוז מען, אז דאס איז ערשט די ערשטע העלפט פון דעם לערנען. דאס לשון בעשטעהט נישט נאר אין דעם, אז מען זאל פארשטעהן, וואס יענער רעדט, נאר אין דעם נאך, אז מען זאל קענען רעדען, אז יענער זאל פארשטעהן, דאס הייסט, נישט נאר דערנסטמאל ווען איך בעקום דאס הער־בילד פון יענעמס ווארט, זאל אין מיין קאפ אויפקומען דער געדאנקען פון דער זאך, פון וועלכער יענער שמועסט, נאר פארקעהרט אויך: איך ברויך צו קענען ארויסגעבען פארשידענע קולות אדער ווערטער, אז יענער זאל הערענדיג זיי אויפוועקען אין זיין זכרון די בילדער פון די זאכען, וואס איך שמועס פון זיי. די דאזיגע העלפט לשון, דאס רעדען ווערטער, הייבט זיך נישט אן ערשט נאך דעם, ווי די ערשטע העלפט דאס פארשטעהן פון די ווערטער, האט זיך געענדיגט, נאר ביידע העלפטען געהען כמעט אין איין צייט: אזוי ווי דאס קינד האט זיך קוים אויסגעלערנט פארשטעהן דאס ערשטע ווארט, אונ דאס ערשטע ווארט איז געווענליך דער נאמען פון דער מוטער, הויבט עס שוין אן צו פרובען דאס אייגענע ווארט ארויסצורעדען. אמת, אז דאס קינד איז געבוירען געווארען מיט א צונג גרייט צום רעדען, נאר דאך איז דאס רעדען נישט אזא לייכטע זאך, ווי מען מיינט. א לאנגע צייט געדויערט, איידער דאס קינד לערנט זיך אויס אזוי פארלייגען די צונג, די צייהן, די ליפען אונ אנדערע טיילען פון דעם מויל, אז עס זאל קענען ארויסרעדען דאס אדער יענעם ווארט. א סך מאל רעדט דאס קינד דאס אייגענע ווארט מיט גרייזען. נאר וואס אמאל בעסער: עס הערט אלץ דאס אייגענע ווארט ארויסרעדען פון פארשידענע מענשען אונ לויט דעם פארבעסערט עס אלץ זיין אייגען ווארט. ווען דאס קינד האט שוין א סך מאל גערעדט דאס אייגענע ווארט, דאס הייסט גערוהרט מיט דער צונג אונ מיט אנדערע טיילען פון דעם מויל, בלייבט איהם אין דעם קאפ דער זכרון פון די בעוועגונגען, וואס ער האט געברויכט צו מאכען מיט דעם מויל; דאס וועלען מיר רופען דאס רעד־בילד פון דער שפראכע. דאס קינד ווייסט נישט, אז עס האט אין דעם זכרון אזא בילד, נאר דאך האט עס אונ וואס ווייטער ווערד דאס בילד שארפער; דאס קינד קאן שוין יעדע מינוט גאנץ לייכט מאכען מיט דעם מויל אזוי ווי מען ברויך. אין דער אייגענער צייט פארבינדט זיך זיך דאס רעד־בילד פון דעם ווארט „גלעקל" מיט דעם זעה־בילד אונ דעם הער־בילד פון דער אייגענער זאך. איצט, אזוי ווי דאס קינד וועט נאר זעהן א גלעקל, דאס הייסט, אזוי ווי עס וועט איהם נאר קומען אין דעם זכרון אריין דאס זעה־בילד פון דער זאך, וועט ער זיך באלד דערמאהנען דאס רעד־בילד פון דעם ווארט „גלעקל", ער וועט זיך דערמאהנען, ווי אזוי ער ברויך צו ריהרען מיט דער צונג, כדי דאס ווארט ארויסצורעדען, אונ וועט עס ארויסזאגען. דא איז שוין געענדיגט די צווייטע העלפט פון דער תורת־הלשון. דאס קינד קאן שוין נישט נאר פארשטעהן. וואס מען רעדט צו איהם, נאר עס רעדט שוין ארויס וואס עס קלערט. ביידע העלפטען פון דער תורה ציהען זיך גאנץ לאנג, יעדע העלפט ווערד וואס אמאל גרעסער אונ רייכער.

ענדע קומט.

י. וויינבערג

# פראקטישע ידיעות.

אויפצופרישען פעלצען. נעמט מען קארנקלייען אין א שיסעל, מען דערהיצט עס טרוקען אזוי, אז מען קאן נאך די האנט ארײנלעגען. די הייסע קלייען שיט מען אויפ'ן פעלץ און מען רייבט דערמיט די האר. נאכדעם ווי דער פעלץ איז שוין גוט אויסגעריבען קלאפט מען איהם אויס מיט א שטעקען און קעמט איהם אויס מיט א קאם, איז ער אזוי ווי ניי. דאס מיטעל איז פאר ווייסע פעלצען מיט לאנגע האר נישט גוט, דאס מוז מען נעבען דעם קירשנער צום פוצען.

---

# אלערליי.

קייזער ווילהעלמ'ס האנט. ווי עס איז בעוואוסט, קאן דער דייטשער קייזער מיט די לינקע האנט כמעט גאר נישט טון. ווי דאס בלאט „אילוסטראציע" פארזיכערט איז די לינקע האנט פון קייזער ווילהעלם א נעמאכטע.

באלד ווי דער נייגעבארענער פרינץ איז געקומען אויף דער וועלט האט איהם דער אקושער דאקטאר אנגעהאפט פאר די לינקע האנט אזוי אומגעשיקט, אז די האנט האט נישט געקאנט וואקסען און זי איז געווארען ווי געליימט. דער יונגער פרינץ, וועלכער האט זייער ליב געהאט צו רייטען, שפיעלען אויף א פידעל, וואלט עס מיט זיין געליימטע האנט נישט געקאנט אויספיהרען, ווען נישט דער אינזשעניר מעכאניק בירנבוים, וואס האט פאר איהם צוגעמאכט א האנט, וועלכע בעוועגט זיך דורך עלעקטרישע קראפט.

די דאזיגע קייזערליכע האנט האט 15 קנעפלעך, דורך וועלכע עס ווערען אויסגעפיהרט אלע בעוועגונגען פון דער האנט. ווען קייזער ווילהעלם ניט, למשל, א דרוק ביי איין קנעפל בעוועגט זיך איין חלק פון דער האנט, ביי איין אנדערן, נאר א פינגער. קייזער ווילהעלם דרוקט ביי די קנעפלעך אזוי געשיקט, אז נאר דער וואס קוקט זיך גוט צו, בעמערקט, אז ער דרוקט עפּיס אן און אז די בעוועגונגען פון פון דער האנט זענען נישט נאטירליך.

— דער מאקעדאנישער אנפיהרער סאראפאוו. שוין דאס צווייטע יאהר, אז די מאקעדאנישע בעוועגונג פאראינטערעסירט אלע אייראפּייאישע הערשער. דער הויפּט־אנפיהרער פון דער דאזיגער בעוועגונג הייסט באריס סאראפאוו. ער איז נאך גאר יונג, האט זעהר גוטע פעהיגקייטען און דער עיקר מעלה זיינע איז, וואס ער האט פאר קיין שום זאך קיין מורא נישט. די טערקישע רעגירונג האט צוגעזאגט צו געבען 90,000 מארק דעם וואס וועט איהם ברענגען טויט אדער לעבעדיג און ער געהט פונדעסטוועגען אהן מורא ארום אין די טערקישע שטעדט און דערפער. איינמאל האט מען געזאגט, אז ער האלט מלחמה ביים בולגארישען גרענעץ און אז מען טשאטשעוועט אויף איהם צווישען די בערג, און מען מוז איהם באלד נעמען געפאנגען. מיט אמאל קומט נאר אן א ידיעה, אז ער האט אונטער נעמינעט קאזארמעס, באנקען און אייזענבאהנען אין גאר איין אנדער פראווינץ. בשעת מען האט גע־מינעט סאלאניק, איז ער געשטאנען נישט ווייט, פארקליידט אלס קאטוילישער מאנאך, און האט זיך צוגעקוקט צום אומגליק, וואס ער האט געמאכט. זיינע לייט רופען איהם „קעניג באריס", און ער האט בעשלאסען דעם טיטעל צו בעקומען עפענטליך. איינמאל האט ער מיט א קליינע צאהל פון זיינע לייט זיך אויפגעהאלטען אין א דארף, וואו זיי האבען געוואלט בעקומען נאך „רעקרוטען", מיט איינמאל איז אנגע־קומען א ידיעה, אז טערקישע סאלדאטען קומען אן פון אלע זייטען אין זעהר א גרויסען צאהל. האלטען מיט זיי מלחמה איז געוועזען אונ־מעגליך, ער האט אבער דעם מוט נישט פארלוירען. „ווארפט אייערע געוועהר און מאנדורען אין דעם סאראי", האט ער זיי באלד בעפוילען, דעקט עס צו מיט זעק און טוט אייך אן אין פּראסטע פויערישע קליידער. זיי האבען באלד אזוי געטאן. אז די טערקען זענען צו זיי געקומען האבען זיי נאר א קליינע צאהל פויערים געטראפען, א יונגער מאן האט די טערקישע סאלדאטען בעגריסט און זיי געפרעגט וועמען זיי זוכען. די בונטאוושציקעס - האבען די סאלדאטען געענפערט - האט איהר אפשר געזעהן וועלכע? ניין האבען די פארשטעלטע פויערען געענפערט. — האט איהר אפשר סאראפאוו געזעהן? האבען ווידער די טערקען געפרעגט? — אה, אז מיר האלטען דעם הולטאי דא געזעהן, האבען די פויערען געענפערט — וואלטען מיר איהם געבונדען און צום גובער־נאטאר אוועקגעשיקט, מיר האבען שוין פון איהם צופיעל געליטען. די טערקישע סאלדאטען זענען זיך געגאנגען זייער וועג ווייטער, האבען געדאנקט דעם יונגען מאן, וואס האט מיט זיי אזוי פריינדליך גערעדט און זיי איז גאר אויף די געדאנקען נישט ארויפגעקומען, אז דער יונגער מאן איז דאס דער „קעניג באריס", וועלכען זיי זוכען אזוי שטארק.

---




## I. אלגעמיינע נייעס.

— אין האלענדער סינאד האט פרוי קרעמער, דאקטאר דער פילאזאפיע, פארגעשלאגען, מען זאל פרויען צולאזען אלס פרעדיגערינס אין די קירכען. פון 19 שטימען זענען 9 געווען פאר דעם פארטראג און 10 דאגעגען און נאר ווייל די איינע שטימע מעהר האט מען דעם פאר־טראג נישט אנגענומען.

## II. יודישע נייעס.

— אין אקטאבער איז געווארען 10 יאהר זייט אין קרעמענטשוג (רוסלאנד) איז געגרינדעט געווארען א שולע פאר יודישע מיידלעך דורך די מיהע פון די פרויען מייעראוויטש און יארין, אין וועלכע עס לערנען א פאר הונדערט מיידלעך. די פארשטעהער פון דער שולע האבען בדעה עס איבערצומאכען פאר א האנדווערקס־שולע. וואו די ארימע יודישע מיידלעך זאלען זיך קענען לערנען א מלאכה. צו דעם צוועק איז שוין דא 25 טויזענט רובל.

---

# די פרויען אין שוועדען.

עס איז בעוואוסט, אז ביי די פרויען פון די צפון־לענדער, איבערהויפּט ביי די שוועדישע פרויען, איז דאס געזיכט שטענדיג פריש און האט תמיד א צארטען, איידלען קאליר. דאס האבען זיי צו פארדאנקען זייער לוסט צו מאכען פארשידענע גימנאסטיקע אויפ'ן פרייען לופט. איבערהויפּט האבען זיי ליב צו רודערען און צו שיפען זיך מיט לאדקעס אויפ'ן וואסער, מיט וועלכע שוועדען איז רייך.

די שוועדישע פרויען זענען זעהר געשיקט אין רודערן און פארשטעהען זעהר גוט צו קירעווען זייערע זעגעל־שיפלעך אויף די רוישענדע וואסערען.

צוליב זייער לוסט צו בעווייזען ווי געשיקט זיי זענען אויפ'ן וואסער, צוליב זייער פארוועטען זיך ווער וועמען וועט קענען איבער־יאגען, קומט זיי אויס צו פארברענגען פיעל צייט אויף די טייכען, וועלכע שניידען זיך דורך געדיכטע וועלדער, און דארטען אטעמען זיי איין פרישע לופט. די דאזיגע פרישע לופט שעפען זיי איין טיעף

אין די לונגען ביים שטארקען בעוועגען זיך בשעת רודערן אונ אטעמען איין א גרויסען טייל געזונטען זויערשטאף.

נישט נאר אין די יונגע יאהרען איז דאס געזיכט ביי די שוועדישע פרויען שטענדיג פריש אונ האט תמיד א געזונטע פארב, נאר אפילו אין די מיטעלע יאהרען. אין א זומערדיגען טאג קאן מען זיי בעגעגנען הונדערטער אונ אפילו טויזענטער־ווייז, ווי זיי רייסען דורך מיט מוט א וועג צווישען די וואסער־פעלזען. דאס רוב צייכנען זיי זיך אויס מיט זייער מוטיגקייט אין הערבסט, בשעת זיי קירעווען זיך אויס מיט זייערע לאדקעס פון די רוישענדע חוואליעס, ביי די גרעסטע רעגענס אונ טומאנען. קוים קומט נאר דער הערבסט, בייטען אום די שוועדישע פרויען זייערע זעגלען אויף רודערס אונ רודערן מיט זיי קונציג אונ געשיקט אונ פיהלען זיך אויף דעם וואסער אזוי בעקוועם ווי ביי זיך אין דער היים.

ווען דאס שוועדישע פאלק וואלט נישט ליב געהאט אזוי די פרייע נאטור, נאר ער וואלט בעסער גענזעסען פארשפארט ביי זיך אין שטוב, וואלט נישט געהאלפען די פיעל וואסערען אונ וועלדער, וואס געפינען זיך אין לאנד, צו מאכען איהם געזונט אונ שטארק. נאר צו זייער גליק ליבען די שוועדען זעהר די נאטור, אונ קאנען זיך נישט זאט אנקוקען אויף יעדען טייכל, וואס שלינגעלט זיך דורכ'ן וואלד.

די איינוואהנער פון די צפון־לענדער זענען פרייהליכע לעבענס־לוסטיגע מענשען אונ דאס אליין גיט צו זייערע געזיכטער א צופריי־דענע, גליקליכע מינע. צוליב די שטענדיגע צופרידענהייט פיהלען זיך אלע שוועדישע איינוואהנער זעהר גוט.

אונ טאקי דעריבער איז אין די לעצטע יאהרען אזוי גרויס געווארען דער חשק צו בערייזען יענע צפון־לענדער, ווייל אונז בענקט זיך זעהר נאך איין אמת'דיג לוסטיגען געלעכטער, וועלכע מען קאן נאר הערען ביי די ברעגען פון דעם סקאנדינאווישען האלב־אינזעל.

איבערהויפט זארגען די פרויען פון די צפון־לענדער פאר די שיינקייט פון פנים אונ קערפער. צו דעם צוועק איז דא אין יענע לענדער פיעל בעדער, וואס זענען איינגעריכטעט מיט דעם גרעס־טען פראכט.

די פרויען פון שטאקהאלם (די הויפטשטאדט פון שוועדען) נעמען נישט ווייניגער ווי צוויי מאל אין דער וואך וואנעס. א גרויסע צאהל דיענערשאפט זענען בעשעפטיגט צו ריינעגען אונ פוצען די האר אונ דעם קערפער פון די פרויען אונ ווענדען אן גרויס מיה צו פאראיידלען אונ צו פארשענערען די הויט פון גאנצען קערפער.

צו די וואנעס ווערד געברויכט ווייכע זייף, וועלכע בעזייטיגט אלע קארטשעס פון דער הויט, אונ גיט צו דעם געזיכט איין איי־דעלקייט. באלד ווי די שוועדישע פרויען גהען ארוים פון דער ווארעמער וואנע נעמען זיי א קיהלען טוש, כדי זיי זאלען זיך נישט פארקיהלען ארויסגעהענדיג פון דער ווארעמער וואנע אויף די קאלטע לופט אין דרויסען.

זעהר אפט לאזען זיך די שוועדישע פרויען נאך דער וואנע מאכען מאסאזש, אונ מעהר ווי אומעטום איז דאס איינגעפיהרט אין שטאקהאלם, וואו דער מאסאזש האט אנגעהויבען די ערשטע בע־נוצט צו ווערען אונ פון דארט האט זיך עס פארשפרייט אין אלע לענדער. איבעריגענס, מאכען זיך די שוועדישע פרויען מאסאזש נישט נאר נאך א וואנע, נאר ביי יעדע געלעגענהייט, אזוי אז דאס מאסא־זשירען זיך איז דארט געווארען א סארט געברויך, אהן וועלכע מען קאן נישט אויסקומען. די שוועדישע פרויען זענען זיכער, אז דאס מאסאזשירען מאכט איידלער דאס געזיכט, געשיקטער אלע תנועות אונ בעוועגונגען, אונ פאריונגערט בכלל דאס גאנצע אויסזעהן.

די שוועדישע פרויען פארשטעהען זעהר גוט איינצוארדענען די ווירטשאפט, זיך בעליבט צו מאכען ביים מאן דורך זייער שטענ־דיגע פרייהליכקייט, אונ צו ערציהען זייערע קינדער אלס געזונטע, ארענטליכע אונ ניצליכע מענשען פאר זיך אונ פאר די וועלט.

ש. ליבענזאהן.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר
פערלאג „פאלקסבילדונג".

---



Herausgeber Verlag Volksbildung Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher Krakau Druck v. S. L. Deutscher Podgorze b. Krakau

# החתימה לשנת תרס"ד

## על העתון השבועי המצויר לבני הנעורים

שנה שלישית **עולם קטן** שנה שלישית

המו"ל: הוצאת „תושיה" בורשה.

העורכים: א. ל. בן-אביגדור וש. ל. גרדון.

העתון המצויר האחד בספרותנו בכלל והיחיד ומיוחד לבני הנעורים שלנו בפרט.

שפת ה„עולם קטן" קלה וטבעית והסגנון נאה ומלבב.

ה„עולם קטן" הוא מנוקד כלו.

כל גליון מלבר שהיא נעים לקריאה ומלבב את נפש הקוראים הקטנים והצעירים, הנהו גם מעין חריסטומטיה מצוינה ללמוד שפת עבר. העתון נדפס על ניר יפה ובדפוס מהודר והתמונות מצוינות ביפין וטובן.

## מחירו 4 רובל לשנה

2 רובל להצי שנה, 1 רובל לרבע שנה.

החותמים בפעם אחת לשנה שלמה מראשית שנת תרס"ד יקבלו בסוף השנה תשורה יפה חנם. דמי החתימה יוכלו לשלם גם לשעורין: 2 רובל בעת החתימה ושני הרובל הנותרים בראשית הרבע השני.

---

כתור הוספה מיוחדת ל„עולם קטן" ירחון פדגוגי בעד ההורים והמורים בשם:

## „הפדגוג"

בו יבואו מאמרים מכל מקצעות החנוך וההוראה, החדשות במקצוע החנוך, החנוך העברי ביחסו אל החנוך הכללי, כרוניקה מעולם ההוראה העברית והמורים העברים, בקרת ספרי הלמוד והקריאה לבני הנעורים, ועוד.

מחיר „הפדגוג": 3 רובל לשנה, 1,50 רובל לחצי שנה, 75 קאפ' לרבע שנה. לחותמי ה„עולם קטן" 2 רובל לשנה 1 רובל לחצי שנה 50 קאפ' לרבע שנה.

---

תוספה חדשה ל„עולם קטן": ירחון לבני הנעורים בשם „הנעורים".

## חדשה לקוראנו!

עוד לפני שלש שנים, בראשית גשתנו להוצאת ה„עולם קטן", הבטחנו להוציא שני עתונים לבני הנעורים: אחד לילדים ואחד לנערים. אבל אח"כ נוכחנו, כי כל עוד לא בראנו לנו קהל קוראים צעירים הגון — קשה יהיה להוציא את שני העתונים הנזכרים בבת אחת, ונהיה אנוסים להסתפק בעתון אחד, שהיה בעקרו לילדים ושאח"כ השתכלל ויהי לעתון מיוחד לילדים ועתה הננו שמחים להודיע, כי אחרי שנתחבב ה„עולם קטן" על קוראינו ומצבו התבסס יותר — הגיעה השעה, שנוכל להגשים את רעיוננו מכבר ולמלא את אשר הבטחנו בשלמות.

והננו נגשים עתה להוציא בתור הוספה שניה ל„עולם קטן" ירחון מצויר לבני הנעורים, בשם:

## „הנעורים"

בו יבואו: שירים, ספורים, ספרי-מסע, תולדות אנשי שם, מאמרי מדע פופולריים, ידיעות ומקרי הימים, עם תמונות וציורים שונים. השפה תהיה נוחה והמלים הקשות תהיינה מנקדות, ובמקום הצרך גם מבארות.

**החוברת הראשונה כבר יצאה מתחת מכבש הדפוס.**

מחירו: לשנה 3 ר', לחצי שנה 1,50 ר', לרבע שנה 75 ק'. לחותמי ה„עולם קטן": לשנה 2 רובל, לחצי שנה 1 רובל, לרבע שנה 50 קאפ'.

האדריסה

ברוסיה: Издательство „ТУШІЯ" Варшава.

בשאר ארצות:

Administration „Olam Katan", Krakau, Sebastyang. 32.

תוספה חדשה ל„עולם קטן": ירחון לבני הנעורים בשם „הנעורים".

איינציגע ברוכבענדער, וועלכע היילען גרינדליך נאך קורצעם
נעברויך זינד נור „אלעקסאנדערס"



## נייעס!! נייעס!!

### ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע

היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך, און נאך 3 מאנאטליכען טראגען ווירד דער ברוך גענצליך אויסגעהיילט. — זיי האלטען גוט איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפער, ווערענד אהנע עלעקטריע איז דאס אונמעגליך. בויכבענדער פיר פרויען, עלאסטישע גוממי שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, ברילען מיט ווענעציאנישע גלעזער, וועלכע שטערקען די אויגען, אפאראטע פיר העמערוידען, אויך אנדערע כירורגישע און אפטישע ארטיקעל עמפפעהלט צו פאבריקס פרייזען די לאנג יעהריגע פירמא

**Хирургическо-Оптическій магазинъ**
подъ фирмою **Александеръ**
Сенаторская 22, Варшава

דא עס האט זיך געצייגט אז מען מאכט נאך אונזערע ברוכבענדער, ביטען וויר אויפמערקזאם צו זיין אויף די אריגענאלע מיט'ן סטעמפעל פון אונזער פירמא.

וויר בעזיצען הונדערטע דאנקשרייבען פון די יעניגע וואס האבען געטראגען אונזערע ברוכבענדער.

ביי בעשטעלונגען פער פאסט דארף מען נור איינשיקען דאס מאס פון קערפער הערום. — פרייז 1 זייטיגע 6 רובל, 2 זייטיגע 10 רובל. 149 50 22

די פירמא עגזיסטירט זייט 1885 יאהר.

---

## ב. און ה. ראזענפעלדס

פריוואטע רעליגיאנס־ אונד פארבערייטונגסשולע פיר קנאבען אונד מעדכען אין לאדז איזט איבערטראגען ווארדען אין די נאוואמייסקא־שטר. נומער 6.

---

**НУЖНЫ АГЕНТЫ** 221 Р. 50—20

для сбыта **издѣлій штемп. фабрикаціи и патент. предметовъ** со значительн. прибылью. **Первоклассн. производство. Не смѣшивать** съ другими **мелкими** заведеніями. Рефлектанты благовол. указать родъ занятій и адр. **Каталоги** и условія **безплатно.** Конт. паров. типогр. и фабр. штемп. **И. ЗИМАНЪ, г. Бѣлостокъ**

---

## אומזוסט אהן געלד!!

שיקט מען יעדען א ביכעל וועגען שניידען און נייהען אלערליי מלבושים. אדרעסע:
Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варщава.

---

**ТОЛЬКО** нѣсколькими рублями можетъ каждый завести постоянный хорошій заработокъ у себя дома. Объясненіе безплатно.
Адресъ: **Я. Найдичъ, Варшава.**

---

## צום געלד זאמלען

איז זעהר פראקטיש די 10 קאפעקענע **שפארזאם קאסעלעך.** וועהרענד דורך אבשפארען 10 קאפ. טעגליך און אריין ווארפען אין קאסעלע, פון וועלכען מען קאן נישט ארויס נעהמען ביז עס קלויבט זיך אן 5 רובל, קאן מען זיך אנזאמלען א קליין קאפיטאל. זעהר נייטיג פאר אגענטען, אינקאסענטען, איבערהויפט פאר פרויען און קינדער. 6—5 (262).
פרייז 2 שטיק נאר 1.05 רובל מיט פארטא.

В. ТЕНЕНБАУМЪ
Варшава, Гусья 27/40.

---

## י. שעקמאן, ווארשא

פאבריק פון זילבער 84 פראבע
עט "לאטעע־וואארע". (128) 50 42

Варшава, Налевки № 20.

---

בבית מסחר הספרים
## י. ראזומאווסקי בברדיטשוב

ובהמחלקה שלו בווארשא, נאלעווקי 34 אצל **א. ציילענגאלד** נמכרים כל מיני ספרים במקחים נמוכים. (217) 50 24

---

## היימישע מיטאגען!

צו מעסיגע פרייזען, אויך פערשיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי

**אהרן משכיל-לאיתן**

ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7, אין טהויער, 2 שטאק. (192) 50.33

---

## Ищу УРОКОВЪ

2—4 спеціально (267)
**по русскому языку,**
**по весьма умѣренной цѣнѣ.**
Адресъ: „Тушія", Т.

---

בבית־מסחר־ספרים של
**ז. ש. שרעבערק,** ווילנא, סטעפענג.
נמכרים כל מיני ספרים בתנאים נאותים.
Книжн. магаз. З. Ш. Среберка,
225 Вильна. 50—19

---

**Paryzkie nowe modele**
rekomenduje znany magazyn
**Okryc damskich, wierzchów do futer i kostjumów**
**D. Borodowski,** Warszawa, Leszno 9 m. 4.
Na żądanie wykonywam wszelkie obstalunki
w 24 godzin.
(148) 25—21

---

**Поступили въ продажу новыя книги**

**П. Г. КЛЯЧКО**

(Законоучит. Бѣлостокск. Реальн. уч. и учит. начальн. евр. училища) —4 (268)

## 1. „Подъ знаменемъ Маккавеевъ"

**Иллюстрированный** историч. очеркъ для евр. юношества къ **празднику Ханука.**

Цѣна 15 коп. съ перес. 17 к. Сіонистск. кружкамъ 1000 экз. за 12 р. съ пер.

## 2. „Баръ-Мицво"

Ученіе объ обязанностяхъ еврея, достигшаго религіозн. совершеннолѣтія, съ приложеніемъ: **Застольныя рѣчи для конфирманда.**

Цѣна 30 коп. съ перес. Обѣ книжки вмѣстѣ за 40 коп. съ пересылкой. !

2-ая книжка имѣется въ изящн. переплетѣ (для подарк.) Цѣна на 10 коп. дороже.

---

## „אראנא־גורסקי. ווארשא, לעשנא № 4

דאס איינציגסטע מיטעל צום אויסראטען נאגניאטקעס (הינער-אויגען) בראדאווקעס און פערהארטעטע הויט צור פרייז 30 קא'פ און 50 קאפ'. פארדערן איבעראל. (129)

---

## מ. קאצין, בריסק דליטא

אין מיין דאמפף-פאבריק פון גילזען, ווערען דיא גילזען געמאכט פון דעם

**בעסטען סארט פאפיער און לויט דער היגעניע**

דורך די נייע מאשינען, וואס איך האב פערשאפט פון אויסלאנד. דאס פאפיער, דער מונדשטיק און די וואטע ווערען צונויפגעקלעבט נישט דורך די הענד, וואס דאס איז ניט היגעניש, נאר דורך א מאשינע, וואס איז ספעציעל דאצו. 4—2

אין יעדען קעסטעל גילזען געפינען זיך פערשיעדענע גוטע און זעהר שיינע פרעמיעס.

**М. Кацинъ, Брестъ-Лит.**